אב. פאווים

# א פרייע מינוטע

לידער

ISBN:0-657-13649-2 01-514

אב. פּאווים



# אין פרייע מינוטן



לידער

# פון די ארויסגעבער

ארויסגעבענדיג דעם בוך לידער פון אב. פּאַוויס ווילען מיר, די אונטערצייכענטע וואשינגטאנער ארגאניזאציעס, באצוועקען פּאָל־גענדעס:

דער יונג־פארשטאָרבענער אב. פּאַוויס האט זיין גאנץ לעבען גע־ווידמעט דער געזעלשאפט. ער האט געארבייט פאר'ן כלל עהרליך און איבערגעבען. פאר זיין לאָגישען שכל און פאר זיין ווארים הארץ האבען איהם אלע געליעבט און געאכט. זיין איבערגעבענע פיהרער־שאפט אלס בעאמטער אין אונזערע ארגאניזאציעס, און זיין אונערמיד־ליכע ארבייט אויף אלע געביטען, וועט לאנג, לאנג זיין אין זכרון ביי אלע וואשינגטאנער אידען.

אב. פּאַוויס האט אין זיינע פרייע מינוטען פון געזעלשאפטליכער טעטיגקייט זיך געווידמעט צו ליטעראַרישע גייסטיג־שאפערישע ארבייט.

מיר גיבען ארויס דעם בוך אלס אנערקענונג פאר זיין באמת'ע ברודערשאפט צו אונז אלע. מיט דעם בוך—„אין פרייע מינוטען"— באצוועקען מיר צו פאראייביגען אב. פּאַוויס'עס לעבענס־טרוים.

מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער אנערקענונג צו מר. א. ד. גלושאקאָוו, מר. ב. קאָהען און צו מר. ק. קערען, פאר זייער ווארימען אינטערעס אין דער אויסגאבע, און פאר דער צייט וואס זיי האבען דער ארבייט פון צוזאמענשטעלען און קאָרעגירען די אויס־גאבע אוועקגעגעבען.

די אויסגאבע פון אב. פּאַוויס'עס שאפונגען—האפען מיר— וועט ניט נאָר זיין א טרייסט צו זיין פאמיליע און א מאָנומענט צו אב. פּאַוויס אין וואשינגטאָן, זאָנדערען די אידישע וועלט וועט דעם בוך אריינפלעכטען אלס א בלימעלע אין דעם גרויסען קראַנץ פון אידישער ליטעראַטור.

## פּאַוויס בוך קאָמיטעט

דיסטריקט אָף קאלאמביא היברו בענעפ. אסס'ן
ביהכנ"ס אוהב שלום
דזשארדזש וואשינגטאָן לאדזש א. א. ב. ש.
סעמיועל גאָמפּערס לאדזש נומ. 45, מעסאניק
וואשינגטאָן לאָאַן אססאָסיאיישאָן
עקסעלסיער לאדזש נומ. 17, אָרדר פּעלאָוס

וואשינגטאָן, ד. ק., 1937.

# פאָרוואָרט

אין 1916 האב איך זיך באקאנט מיט אב פאוויס אין באלטימאר.

דערוויסענדיג איינער פון דעם אנדערן אז מיר האבען ביידע א נייגונג צום שרייבען, זיינען מיר באלד באפריינדעט געווארען. אונזער פריינדשאפט און חבר׳שאפט איז געווען א קוואל פון גייסטיגען גענוס, א רייה פון ליכטיגע זונענשטראלענדע טעג און זילבערנע טרוימערישע נעכט.

מיר האבען אין יענער צייט זיך אויך באקאנט מיט אונזער קאָלע־גע, ב. קאהען, וועלכער איז אויך אין דער קאמיטע צוזאמענצושטעלען פאוויס׳עס שריפטען.

אב. פאוויס האט קיינמאָל ניט געטרוימט צו ווערען א פּראָפעס־יאָנעלער שרייבער. ער האט געשאפען זיינע „איינזאמע קלאנגען" אום זיינע וועהטאגען צו שטילען, אום זיין טרויער צו לינדערען און זיין אייביגען אומעט צו פארטרייבען... ער האט געשאפען זיינע „מוטער־לידער" ווייל ער האט מיטגעפיהלט די גרויסע ליבע און הייליגע אפּער־וויליגקייט פון א מוטער צו א קינד... ער האט געמוזט שאפען כדי זיין אויסערגעוועהנליכע ליבע צווישען די מיטמענשען צו צעטיילען; כדי זיין אומרוהיגע נשמה זאל א טרייסט געפינען, און דאס שאפען איז ביי איהם געווען א באלזאם צו זיין ליידענדע הארץ...

און כאטש די גרעסטע טייל פון די לידער אין דעם בוך זיינען געווען געדרוקט אין פארשיידענע טעגליכע ציַיטונגען מיט זעהר וואַרי־מע דערמוטיגענדע בריף פון די רעדאקטערע, איז פאוויס געווען אלץ אומצופרידען...

אב. פאוויס אין דער געזעלשאַפט איז אימער צו געווען פילאזא־פיש געשטימט... ער האט געשטרעבט צו זיין איינער פון די וואס קאנען העלפען דרעהען די ראָד פון דער צייט... האט דער אידעאל צו ארבייטען פאר׳ן כלל פאוויס׳ען דעם דיכטער באזיגט... דאס ווערט באשטעטיגט פון די וואשינגטאנער אידישע ארגאניזאציעס וואו פאוויס איז געווען פאר די לעצטע זעכצעהן יאהר דער גייסטינער פיהרער.

אין זיינע פרייע מינוטען, ווען זיין צארטע נשמה האט געלעכצט נאך לופט און געבענקט נאך די ברייטע האָריזאָנטען פון בעסאראביער פעלדער מיט דעם פרישען ריח פון יונגען קאָרן, וואו עס האט זיין יוגענד געבליהט... אין אזעלכע מינוטען זיינען געשאפען געווארען די לידער „נער הייתי", „מיין שטימונג", „א תפלה", „דריי חברים'לאך", „ס'איז אמת", „דער נייער חורבן", זאגט דער געוויסען", „גערענקסטו", „ארבייטען איז זיס" און אנדערע.

אב. פאַווים האט געפיהלט אז ער האט א קערנדעל פון געניאַליטעט, און דאס ניט־קענען זיך אויסגיסען אין דעם ברייטען ים פון שאפונג—דאס ניט קענען וואקסען און אנטפלעקען זיך פאר דער וועלט —האט איהם געבראכט פיל נשמה ליידען... וויסענדיג דאס ער ווערט דערוואָרגען, דערשטיקט און פארניכטעט אין די איינגע דלד אמות פון ערדישע נויטווענדיגקייטען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער שרייבער פון דיזע ציילען און מיין פריינד ב. קאָהען זיינען עדות דאס פאַווים'עס גייסטיגע ליידען האבען זעהר פיל בייגעטראגען צו זיין פריה־צייטיגען טויט...

ניט האבענדיג דעם פרייען וועג זיך צו אנטפלעקען פאר דער וועלט, איז פאַווים'עס נשמה געבליבען א הייליגע מארטירערין...

א. ד. גלושאקאוו.

יוני 23טען, 1937
באלטימאר, מד.

# לעזער...

...זאָלסט לעזען! זאלסט לעזען און טראכטען,—
ס'איז ערגעץ פאראנען נשמות וואס שמאַכטען...
ס'איז ערגעץ פאראנען נשמות וואס בענקען.
זאלסט לעזען! זאלסט לעזען און דענקען...

זאלסט לעזען, און קיין וואָרט פאַרהיפּען,
ווייל ס'ליגט אין די ווערטער פארבאהאלטען א כליפּען...
ווייל ס'ליגט אין די שורות פארבאָרגענע טרערען,—
זאלסט לעזען! און גוט זיי באקלערען...

חוב. פּחוויס.

# אינהאַלט

איינזאַמע קלאַנגען


נער הייתי — 9
אין ווילדע חלומות — 10
זאָגט דער געוויסען — 11
א מאַמע — 12
מיין שטימונג — 13
ניט דער זעלבער — 13
הערבסט — 14
על חטא — 15
די שטילע מינוטען — 15
צו וועל איך — 16
א תפלה — 17
נע ונד — 17
ערגיץ אין א שטוב — 18
מיין איד — 20
די וואָלקענס צוגעהן — 20
איהר אידישע אויגען — 21
פרילינג — 22
די פעדער — 22
מיין אומעט — 23
אָה, ווי ליב — 23
הערבסט מאָטיווען — 24
אָה, לאָזט מיך — 24
ביי מיין פענסטער — 25
בערעל לעקער — 25
זונטאג — 26
א טעות — 26
מיין טרויער — 27
דער קדיש — 27
פריהמאָרגען — 28
איך שטעה און איך ארבייט 29
אין לעבען אין רווישיגען — 30
קריעג — 31
אונזער שיף — 31
דריי חברים'לעך — 32
ס'איז אמת — 33
א שעהנע נאַכט — 34
ארבייטסלאָז — 35
א ריח ניהוה פאר'ן טייפעל 36
חג הבכורים — 37
דער נייער חורבן — 38


מוטער לידער


זויג, קינדעלע — 41
אָפּגעבאָדען — 42
ביי נאַכט — 43
מיט'ן פערדעלע — 44
די ציינדעלאך — 45
זאָג, אינגעלע, פּאַפּאַ — 46
דיינע אויגען — 47
מיין וואָהנונג — 48
מיר אלע דריי — 49
ביים פענסטער — 50
העמדעלאך — 51
ווער און פאר וועמען — 52
ווערט אמאָל — 53
דיינע קושען — 54
פון די הענט אראָפּ — 55
די שכנה — 56
הינטעלאך — 57
א קאשקעלע — 58
וויעג ליד — 59
קיכעלעך — 60
אויפ'ן פלאָר — 61
א תפלה — 62
א גוט שבת — 63
בלאָזען זיך די ליכטעלאך 64

אפשר — — — — — — — 65
כ'האָב געזאָגט — — — — — 66
אוי צו איז דען פאראַן— — 67
א ראָסעלע — — — — — 68
דערצעהל איך — — — — — 69
ביי דער האַנט — — — — — 69
אז דער פּאַפּאַ שלאָגט — — — 70
ברעקעלאַך – — — — — — 71
שלימאזעלע – — — — — 72
ש ל אָ ף מיין טייער אינגעלע 76
דער מאשין — — — — — 77
מזל — — — — — — — 78
מזל — — — — — — — — 78
אין די לאַנגע נעכט — — — 79
ארבייטען איז זים — — — — 81
אויף א קבר — — — — — — 82


## דאָס ליד פון ליבע


מיין וואונש — — — — — 85
לאַנגזאם א ו ן טרויעריג — 86
ספרעגט מיך מיין שוועסטער 87
שווארצע אויגען — — — — 88
מיין צווייפעל — — — — — 88
אשטילע נאַכט — — — — — 89
גלויב מיך — — — — — — —89
צו שפּעט — — — — — — 90
איך בין ווי אקינד — — — — 91
ביים קוואל — — — — — — 91
קענסטו ניט— — — — — — 91
געליבטע — — — — — — — 92
פּאר פרויען רעכט — — — — 94
ווי א שטורעם ווינט — — — 95
גערענקסטו — — — — — — 96
עלענגיע — — — — — — — 97
קום מיין געליבטע — — — — 98
א שווערער נסיון — — — — 99
מיינע לידער — — — — — 100


## פּאָעמעס און לעגענדעס


קעמף און זיעג — — — — 103
רחל'ע — — — — — — — — 106
יוסף'ס גלויבען — — — — 110
צוויי וואַנדערער — — — — 115
א געבענשטע קללה — — — 118
א חסיד'ל — — — — — — 121
אליהו הנביא — — — — — 125
א פרעמדער — — — — — 127
אָ, מיידעל— — — — — — 128
אזוי זים — — — — — — 128


## סקיצען


א גלויבען— — — — — — 133
ירחמיאל שמאטע ——— — 136
פרעג מיך ניט— — — — — 142
א שלאָפלאָזע נאַכט — — — 145
א גוטע בשורה — — — — 149

When You Lived____________________155
To a Better Man____________________158

# נער הייתי

נער הייתי גם זקנתי—
ס'ענדיגט באלד זיך מיין געזאנג,
מענשען קומען און פארשווינדען,
און די וועלט זי געהט איהר גאנג...

יונג געוועזען און עס האט זיך
מיט א היציגקייט געגלויבט;
אלט געווארען און די יאהרען
האבען עס אוועקגערויבט...

יונג געוועזען און עס האט זיך
מיט א דארשטיגקייט געגארט;
אלט געווארען און די יאהרען
האבען ביטער אפגענארט...

יונג געוועזען — ס'האט די ליבע
מיט א הייליגקייט בארוישט;
אלט געווארען און די יאהרען
האבען ביסלעכווייז ענטוישט...

יונג געוועזען — ס'האבען טרוימען
איינגע'כשופ'ט אין זייער מאכט;
אלט געווארען און די יאהרען
האבען אלע אויסגעלאכט...

נער הייתי גם זקנתי—
ס'ענדיגט באלד זיך מיין געזאנג;
מענשען קומען און פארשווינדען
און די וועלט — זי געהט איהר גאנג...

# אין ווילדע חלומות

און שטיל איז די נאכט, גלייך ווי א בלייכע יתומה
שווימט אום די לבנה פארטרויערט און מיד,
און גלייך ווי עס שוועבען מלאכים'לאך פילע
און ס'שפרייטען אוים סודות—אזוי וועבט זיך מיין ליד.

איין שטערענדעל צינדט זיך, און איינס ווערט פארלאָשען,
א שאָטען פארשפרייט זיך, א שאָטען פארשווינד,
אָ, מענש, ביזט אין ווילדע חלומות פארזונקען
און זעהסט ניט די אייביגע סודות אצינד...

שלאָפסט רוהיג, און וועט אמאָל קומען א צייט וועסטו ערוואַכען
א וועהטאג וועט נאָהענט צום הארץ דיר דערגעהן,
און וועסט שוין דעם שלאָף דיינעם ביטער פארשטעהן,
וועסטו דאַן מיט טרערען פון שאַנד און חרטה
זיך פרעגען — וואו איז מיין שכל געוועז?...

און אַלט וועסטו זיין דאַן, און טויט שוין צום לעבען
אין הארצען דאס בלוט וועט שוין לאנג זיין פארקיהלט,
און וועסט שוין אין תאוות ניט מעהר זיין געהילט,
דו וועסט דאַן מיט טרערען פון שאַנד און חרטה
זיך פרעגען — ווי האט מיין הארץ דאַן געפיהלט?...

וועסט אומגעהן א מידער, א קראַנקער צובראָכען,
א קרבן פון פאַלשקייט, פון זינד און פון קויט,
די ווילדע חלומות זיי וועלען צופליהען
און וואַרטען וועסטו דיין ערלייזער — דעם טויט...

און שטיל איז די נאַכט—איך בלאָנדזשע פארטרויערט,
איך קוק צו דער בלייכער לבנה און פרעג,
וואס טרויערסטו פריינדין—לאנג איז דיין וועג דאָך—
דעם מענשען'ס צום אפגעהן—נור איינצעלנע טעג...

## זאָגט דער געוויסען

זאגט דער געוויסען:—דו האנדעלסט ניט עהרליך,
מיט פאלשקייט ז'דיין לעבען געמישט,
באוועגט זיך גאנץ לוסטיג דאס הארץ און עס ענטפערט,
—נו זאג מיר, ווער זינדיגט דען נישט? . . .

גאָלדענע, ליכטיגע, ווארימע שטראַלען
באשיינען דאס מענשליכע קינד,
עס צויבערט דאס לעבען מיט טויזענדער גליקען,
נו, זאג מיר, ווי קען מען זיין בלינד? . . .

ווייט איבער בליהענדע פעלדער און וועלדער
קלינגען די פייגעלאכ'ס לויב,
די ווילד־פרייע שעהנע נאַטור רופט געניסען
נו' זאג מיר' ווי קען מען זיין טויב? . . .

מיט גליהענדע פרייד איז די ערד ווי באגאָסען,
ס'איז פול פארגעניגענס ארום,
און ס'ווילט זיך זייער זיסקייט אזוי שטאַרק פארזוכען,
קען דאס הארץ בלייבען דען שטום? . . .

און זעה איך, און הער איך און ס'הארץ איז ניט שטום,
און ווילט זיך פון לעבען געניסען,
דאַן זינדיגט דאס הארץ און עס הערט זיך ניט צו
צו די שטילינקע רייד פון געוויסען . . .

זאגט דער געוויסען:—דו האנדעלסט ניט עהרליך,
מיט פאלשקייט ז'דיין לעבען געמישט,
באוועגט זיך גאנץ לוסטיג דאס הארץ און עס ענטפערט
—נו, זאָג מיר, ווער זינדיגט דען נישט? . . .

# אַ מאמע

מאמע...
דו האסט מיר דאס טייערסטע געגעבען, —
וואס קען נאך זיין טייערער פון לעבען?...

מאמע...
דו האסט מיך געניאנטשעט און געזויגען,
דו האסט אויסגעקושט מיינע אויגען...

מאמע...
דו האסט מיך געלערענט ווי צו געהן,
דו האסט מיך געלערענט צו פארשטעהן...

מאמע...
דו האסט מיך געפיהרט אין חדר,
דו האסט מיך געהיט, געצערטעלט כסדר...

מאמע...
האסט זיך געוואונשען, אז צווישען מענשען
זאל מען זיך נאָר מיט דיין קינד בענשען...

מאמע...
האסט טעג ניט גערוהט און נעכט ניט געשלאָפען,
פלעגסט לויבען און גלעטען, פאַטשען און שטראָפען...

מאמע...
האסט געוואלט אז דיין קינד זאל זיין מיט דער צייט,—
א מענש וואס מען רופט צו מענש אַך צו לייט...

מאמע...
ווען איך בין געוועזען שוואך און קראנק,
וועגען מיר איז פארנומען דיין גאַנצער געדאַנק...

מאמע...
ווער וועט פאר איהר קינד אלעס אפּגעבען?
אפילו ווען נויטיג איהר אייגענעם לעבען...
—מיין מאמע... דיין מאמע... און יעדענס מאמע...

## מיין שטימונג...

רייס מיך, טראָג מיך, בייזער ווינד
ווי אַן אדלער טראגט א קינד
און צושמעטער מיך אין שטויב,
הילפלאָז בין איך אין דיין רויב...

* * *

ווי א פעדער, גרינג און צאַרט,
ציטערדיג דאס הארץ מיינס וואַרט
אויף דער שעה וואס קומען וועט,
קומען באלד, צו קומען שפעט...
און דאס הארץ מיינס טאָן א ריס
ווי א בייזער שלאַנג'ס א ביס
וועט דער גיפט צושטערען גיך
און די ערד פארצעהרען מיך...

* * *

בויג מיך, ברעך מיך, בייזע צייט,
טראָג מיך און פארוואָרף מיך ווייט,
קיינער זאל ניט וויסען, זעהן,
ווי מיין הארץ וועט אונטערגעהן...

## ניט דערזעלבער

„ניט דערזעלבער ביזטו"...
הער איך ווי א קול,
און אפשר קומט די שטימע
פון מיין אייגען מויל...
„ניט אויף די זעלבע וועגען
געהסטו איצט ארום..."
אוי דו בייזער מויל מיינס
לאָז צורוה און שטום...

## הערבסט

און וואס עס האט געגרינט,
און וואס עס האט געבליהט,
עס ליגט אצינד פאר מיר
פארוועלקט, פארשטויבט;
און וואס עס האט געשיינט,
און וואס עס האט געגלאַנצט
האט ווילד דער גרויער הערבסט
ווילד אוועקגערויבט...

אין טיפען טרויער שווארץ,
ט'דער הימעל זיך באקליידט,
פון צייט צו צייט ער גיסט
מיט טרערען ווי א קינד.
פארביטערט ליגט דאס פעלד,
עס קלאָגט דער יונגער וואַלד,
עס רעוועט בייז מיט וועה
דער ווילד צורייצטער ווינד...

די צאַרטע זיסע פרייד,
דער טיפער שטילער גליק
וואס וועקט אין יונגען הארץ
דער זומער אָהן א שיעור,
ווען ס'שטורעמט און עס בענקט,
ווען ס'צווייפעלט און עס האָפט
פון זיי דער בייזער הערבסט
האט אויך געלאָזט קיין שפור...

אויך מיין הארץ בלייבט פארשטיינט,
כ'פרעג מיט וועה און פרעג,
אויך מיין זומער וואו איז?
מיין יוגענד און מיין גליק...
—אָ שווייג, דו אלטער נאַר,
דער בייזער גרויער הערבסט
וואס ער רויבט אוועק
דאס קומט שוין ניט צוריק...

# על חטא...

און קלאַפּסטו זיך אויף דיינע זינד פון אלטען יאהר,
צו קענסטו מיט א ריינעם הארץ דאס נייע יאהר עמפּפאנגען?
ווען ד׳האָסט ניט גוט-געמאכט די גרויסע שווערע זינד
וואָס האסט געגען דיין אָרים ליידענד פאָלק באגאנגען...

דו האסט געקענט די קינדערלאך, וואס שטרעקען די הענטעלאך אוים
פארלייכטערען זייער וויסטע שווארצע נויט מיט ברויט
א שטיקעל בלויז...
דו האסט געקענט ערגיץ-וואו א וואונד א בלוטיגע פארהיילען
דו האסט געקענט א הונגעריגען א ביסען צו-צו טיילען.
דו האסט געקענט א שמאַכטענדען זיין ביטער הארץ דערקוויקען,
דו האסט געקענט א האָפנונגסלאָזען א וואָרט פון טרייסט צושיקען—
דו האסט געקענט א בלאָנדזשענדען צו א היים דערפיהרען,
נור ביזט געווארען קאלט און ס׳פלעגט דיך ניט באריהרען...

און קלאַפּסטו זיך אויף דיינע זינד פון אלטען יאהר,
צו קענסטו מיט א ריינעם הארץ דאס נייע יאהר עמפּפאַנגען?—
ווען דו האסט ניט גוט געמאכט די גרויסע שווערע זינד
וואס דו האסט געגען דיין אָרים ליידענד פאָלק באגאנגען.

# די שטילע מינוטען

די שטילע מינוטען וואס פלעגען פארוויגען
ווי גוטע מלאכים מיין מיד קראנקעס הארץ,
זיי זיינען פארשוואונדען ווי יוגענד חלומות
און איבערגעלאָזט אונטער זיך נאָר א שמערץ...
א רעש מיט א טומעל, עס שטורעמט דער ווינד בייז,
עס רוקט זיך א וואָלקען, דער טרויער ווערט שווער.
איך וואָלט א מצבה געשטעלט נאך מיין יוגענד
כ׳פארמאָג אבער מעהר ניט ווי א בלוטיגע טרער...

## צו וועל איך?

(געווידמעט די טייערע קינדערלאך: סילוועלע, סידנעלע, ענעלע)

יונגינקע בלומעלאך
ריינע נשמה'לאך,
הייליג זענט איהר אהן א שיעור!
ליבינקע שעפעלאך,
טייערע עופעלאך,
איהר זענט דאס טייערסטע ביי מיר!
באטראכט איך אייך פויגעלאך,
אייערע ליכטיגע אויגעלאך,
דאן שפינען פיל טרוימען זיך אוים!
אַט זעה איך אייך בליהענדע,
מיט הערצעלאך גליהענדע—
איך זעה אייך שוין קינדערלאך גרויס!
איהר קליינינקע צווייגעלאך,
איהר ליכטיגע שטערענדלאך,
ווי ליב זענט איהר מיר אצינד!
אָה, שיינענדע זונעלאך,
שטראַלענדע פנים'לאך,
ניט וויסען וועט איהר דאן פון זינד.
דאס לעבען דאס שלעכטינקע,
מענשען אומגערעכטינקע
וועט איהר דערוויסען אויך דאן...
איהר הערצעלאך ליכטיגע,
נשמה'לאך פרעכטיגע,
דער אמת וועט אייערער זיין...
אָה שעהנינקע בוימעלאך,
אין אייך מיינע טרוימעלאך
האָף איך פארווירקליכט וועט זיין...
אָה יונגינקע בלימעלאך,
ריינע נשמה'לאך,
צו וועל איך דערלעבען ביז דאַן?

## א תפלה

האַר פון אלע וועלטען,
אלמעכטיגער רעגירער,
עס בלאָנדזשעט מיין נשמה,
נו זיי זשע דו איהר פירער...
וועגען פילע האסטו
באשאפען אין דעם לעבען,
פיר זשע מיך אויף יענע
וואס וועלען גליק מיר געבען...
האר פון אלע וועלטען,
קעניג פון מיין טוגענד,
כ'בעט דיך לאז ניט פאר דער צייט
ס'זאל אפוועלקען מיין יוגענד...
כ'בעט דיך, הער מיין תפלה איצט
און שיץ מיך שוין פון ליידען,
גיב מיר מוט, גיב מיר קראפט,
גיב מיר גליק און פריידען.

## נע ונד

וואָגעל וואָגעל, כ'האב דאס הויז פון טאטע־מאמע לאנג פארלאזען
גלייך א ווינד א בייזער וואלט מיך אויסגעריסען און פארבלאָזען.
וואגעל וואגעל, ווי א בייזער שלעכטער מלאך וואלט פארשאלטן,
וואָגעל, וואָגעל אום, אין לעבען אין דעם שווערען אין
דעם קאלטען.
וואַנדער, וואַנדער, האב קיין רוה און האב קיין אפשטעל
אויף די וועגען,
זאלסט דיין מידען קאפּ אין ערגיץ ניט געפינען וואו צו לייגען...
וואַנדער, וואַנדער, טראָג זיך איבער לענדער, ים'ן מיט
דיין טרויער,
ס'זאל דיין טיפער, שטומער וועהטאג ניט געפינען קיין באדויער.

## ערגעץ אין א שטוב

אין א ווייטען לאנד,
אין א ליבען לאנד,
ערגעץ אין א שטוב,
אויסגעקאלעכט ווייס,
ביי דעם פענסטער דאָרט
שטעהט מיין מאמע בלייך
און זי קוקט ארויס
אין דער ברייטער גאַס...
אפשר וועט זי זעהן
אימיצער קומט אָן,
און מען ברייננגט א גרוס
פון א יענעם אָרט
וואו איהר טייערער זוהן,
וואו איהר האַרציג קינד
איז פארוואָרפען דאָרט,
איז פארוואָגעלט דאָרט...

ערגעץ אין א שטוב,
ביי א גרויסען טיש,
קוקט מיין טאטע איצט
אין א ספר שטיל,
און פון צייט צו צייט
עפּעס מורמעלט ער
און די אויגען דאן
ווערען עפּעס פול...
—„ביי דעם זעלבען טיש
איז ער אויך געווען,
פון דעם זעלבען בוך
איהם געלערענט אָפט.
ז'ווי א שטורעם ווינד
וואַלט פארטראָגען איהם,
וואס זשע האסטו גאט
מיך אזוי געשטראָפט?..."

ערגעץ אין א שטוב,
אין א ווינקעל וואו,
זיצט מיין שוועסטער דארט
ביים מאשין און נעהט,
און זי זינגט זיך שטיל
אזוי אומעטיג:
פון די טענער קלינגט
עפּעס א געבעט...
ס'איז דאס לידעל אלט,
ס'האט דער ברודער דאס
שוין פון לאַנג פארפאסט
מיט א הייסע טרער...
און זי זינגט עס נאָר
ווען זי פיהלט איהר הארץ
ווערט מיט בענקשאפט פול,
ווערט מיט בענקשאַפט שווער...

ערגעץ אין א שטוב,
אויף דער הוילער ערד,
מיין קליין ברודעריל
שפּילט זיך דארט ארום,
און פון צייט צו צייט,
ביי א גרויסען בילד,
בלייבט דאס קינד דארט שטעהן
קוקען עפּעס שטום...
—ווער איז דאס מיין קינד?
פרעגט די מאמע מילד—
און א טיפער צער
אין די אויגען ברענט.
און עס זאגט דאס קינד
שטיל א נאָמען דאן
פון זיין ברודער וואס
האט קיינמאָל ניט געקענט...

# מיין איד

טויזענדע יאהרען, דו וואנדערסט מיין איד
אויף די וועגען פון דער וועלט, עלענד און מיד...
כאָטש דו האסט דעם קאמף פאר פרייהייט געבראכט
ביזט אבער דער קרבן אין דער ביטערער שלאַכט...
האסט אָנגעצונדען א פייער אין דער וועלט
צו פארטרייבען די פינסטערניש און קעלט...
דיין פייער איז פון ליבע, מיטלייד, יושר, רעכט,
דאָך טראָגסטו דעם בראַנד פון „פאריאַגטען" און „קנעכט"...
דאָך רויבט מען דיין גוטס, און ס'גיסט זיך דיין בלוט,
מען ווארפט דיך, מען שטופט און מען שענדעט דיין מוט...
ביזט אימער אין פייער און שטיקענדען רויך...
—זאג מיר, מיין איד, וואו נעמסטו דעם כח?...
—ווי קענסטו פארטראָגען די ליידען און וועה?...
—ווי ווערסטו ניט מיד פון, „געה ווייטער, געה"?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָ ניין! מיד זיין וועסטו ניט קיינמאָל!...
ווייל אומעטום צינדסטו ליכט אָהן א צאָהל...
דיינע ליכט וועלען ברענען, פארשפרייטען דעם פלאָם...
דאָס בלויז וועט ברייגען ערלעזונג מיין שטאָם...

# די וואָלקענס צו-געהן

די וואָלקענס צוגעהן,
דער הימעל ווערט בלויער,
זאָג זשע דו הארץ מיינס
וואס ווערסטו נאך גרויער?...
די שאטענס פארשווינדען
דער מזרח ווערט העלער,—
זאג זשע דו הארץ מיינס
וואָס איז דיין פעהלער?..

# איהר אידישע אויגען

איהר אידישע אויגען,
איהר אייביג פארטרוימטע,
ווי טרויעריג טיף איז אייער בליק,
עס שפיגלען אין אייך אפ
פיל פינסטערע צייטען,
אויף פילעם פארלאָרענעם גליק...

דעם פיל־יאָהריגען גלות,
דעם אומגליק, דעם יאוש,
אלעם זאגען די אויגען אויף קלאָר,
און צייטענס זיי געבען
א גלאנץ וואס זיי ריידען
פון אנדערע צייטען נאָר גאָר...

פון יאהרען גאנץ אלטע
פון טרוימען פארשוואונדענע,
פון לעבען, פון פרייהייט, פון רעכט,
ווי טונקעל איהר ווערט באלד,
איצט יאהרען געקומענע
פון פינסטערען לעבען ווי קנעכט...

איהר אידישע אויגען,
איהר אייביג פארטרוימטע,
ווי טרויעריג טיף איז אייער בליק,
עס שפיגלען אין אייך אָפ
פיל פינסטערע צייטען,
אויף פילעם באגראבענעם גליק...

## פרילינג

דער הימעל בלוי, די זון זי שטראַלט,
עס הויבט די ערד אָן גרינען—
דער פרילינג ווי מיט פאָדים גאָלד
טוט אויך מיין הארץ פארשפינען...
עס אטעמט פריי די יונגע ברוסט,
עס וואָלט געגלוסט זיך פליהען—
ערגיץ וואו אין א צויבער וועלט
טוט מיך דער פרילינג ציהען.
נו לאָז מיך, לאָז, מיין הארץ איז קאַלט,
ווי קען דער פרילינג פרעהען?
עס איז דאס לעבען צו פארשווארצט
צו טיף זיינען די וועהען.
ס'ברענט דאס הארץ מיט פיל פארלאנגען—
בעסער זאל דאס שטומען!...
ס'איז דער ליבער שעהנער פרילינג
ניט פאר מ י ר געקומען.

## די פעדער
(נאך גאיהא)

עס ווארפען די כוואַליעס אין ים אין דעם גרויסען
א קליינינקע פעדער, ווייס איז זי ווי שנעה,
אָ פעדער, ווער האט דיך דאָרט אויבען פארלוירען
פון א פארבלוטיגטען פליגעל מיט וועה?...

נור שטום איז די פעדער, קלאָר איז דער הימעל,
עס שמייכלען די שטראַלען מיט ליבע און פרייד,
נור טיף אין מיין הארצען, וואס רירט זיך דאָרט עפּעס,
וואס וועקט זיך א טיפע פארבאָרגענע לייד?...

עס האבען די כוואַליעס די פעדער פארשלונגען,
פארשווינד פון מיר אויך איהר חלומות פון גליק,
איהר זיינט אויך צו מיין הארצען צובראָכענע פליגעל
וואס קענען שוין קיינמאָל אומקערען צוריק...

## מיין אומעט

גלייך ווי אן אייזען שטארקע האנד
וואָלט מיך א שטופּ געטאן צום וואנד,
און וואלט געדריקט מיין ברוסט ביז בלוט,—
מיין אומעט לאָזט מיך קיין מינוט...
גלייך ווי א וואָרים וואָלט ערגיץ וואו
אין מוח ביי מיר צושטערט מיין רוה,
און וואָלט געשוואַרצט מיין יעדע שיין,—
מיין אומעט ברענט מיך מיט זיין פּיין...
די זון זי גליווערט און באשיינט
מיין גרויען אומעטיגען היינט,
און עס באלייכט מיט יעדען שטראַל
מיין אָנגעפילטען כוס מיט גאַל...
דער אומעט ברעכט מיין יעדען טרוים,
און ווי אן אפּגעהאקטער בוים
אין שווארצען וועג וואס ציהט זיך לאנג,
פארוועלק איך אין דעם לעבענס דראנג...

## אָה, ווי ליב!...

אה, ווי ליב זענט איהר זכרונות
פון דער לאנג פארשוואונדנ'ר צייט,
ווען איהר קומט נאָר, ווערט שוין נאהענט
וואס פארגאנגען איז שוין ווייט...
אה, ווי ליב ביזטו מיין שטעדטעל
מיט דיין יונגען וועלדעל דארט;
אויביג לעבט אין מיין זכרון
בילדער פון דעם ליבען אָרט...

## הערבסט מאָטיווען

און שווארץ איז דער הימעל פון וואָלקענס געווארען,
אן אומעט צוגאָסען ווי בליי האט זיך שווער,
און גלייך דארט אין הימעל האט עמיץ צואוויינט זיך
און אָנגעהויבען לאָזען א טרער נאך א טרער...

אָ ליכטיגע צייטען, וואו זענט איהר פארשוואונדען,
אָ זיסע חלומות, וואו זענט איהר אוועק?
און ס'גיסט אויך מיט טרערען דער הימעל דער גרויער,
און ס'ווערט אין מיין הארצען געבוירען א שרעק...

איך געה אום אויף איינזאם פארלאָזענע וועגען
און שטיל זוכט מיין הארץ דאס פארבאָרגענע גליק,
און ס'לויפען די צייטען, די יאהרען, די שטונדען,
און כ'וויים ניט צו געה איך פאראוים צו צוריק...

## אָ לאָזט מיך...

אָה, לאָזט מיך, אָה, לאָזט מיך, פארשווינד פון מיר טרוימען
איהר האט אין מיין הארצען קיין איינציגען אָרט,
און האט איהר געבויט ווען א לופטיגען טורעם
צושטערט איז ער לאנג שוין א חורבה איז דאָרט.
א חורבה א פוסטע, וואו ס'בלאָנדזשען אום ווינטען
און קלאָגען פארביטערט, נור קיינער זיי הערט,
אָ, לאָזט מיך, אָ, לאָזט מיך, פארשווינד פון מיר טרוימען
דער טורעם פון יוגענד איז לאנג שוין צושטערט...

## ביי מיין פענסטער

ביי מיין פענסטער וואַקסט א בוימעל
ווי א יונגעס מילדעס קינד,
ס'וויסט נאָך ניט ווי אלטע בוימער
פון קיין שטורם, פון קיין ווינד...
אויך די ווייכע יונגע צווייגלאך
גרינען בלעטעלאך מיט פראַכט,
זיי ווייסען ניט ווי אלטע בוימער
פון דעם ווינטער מיט זיין מאַכט...

* * *

שטומע לבנה, וואו וואנדערסטו עלענד
אין ווייטען אונענדליכען רוים?...
צו האסטו ווי איך וואס פארלארען אין לעבען
און זוכסט דיין אמאָליגען טרוים...
בלאַסע לבנה, איך בין דיר א ברודער
כ'וויים אויך ווי דו ניט קיין רוה,
דו וואַנדערסט אום שטענדיג פארבענקט און פארטרויערט
און מיין הארץ עס בלאָנדזשעט ווי דו...

## בערל לעקער

איז בערל לעקער, געקומען צום בעקער,
פרייטאג האלב נאָך זעקס;
זאגט בערל לעקער צו דעם בעקער,
—„גיב מיר פריש געבעקס."
זאגט דער בעקער צו בערל לעקער:
—„וויז מיר פריהער געלט."
זאגט בערל לעקער צו דעם בעקער:
„דאס איז וואס מיר פעהלט."

## זונטאג

קומט דער זונטאג'דיגער מאָרגען
ווערט פארשוואונדען אלע זאָרגען,
אלע וועהטאגען און ליידען,
און דאס הארץ ווערט פול מיט פריידען...

אין די זונטאג טעג די פרייע
עפּעס קומט א הויט א נייע,
ערגעץ רייסען זיך די אויגען,
פיהלסט אז דו וואָלסט וואו געפלויגען...

אין די זונטאג טעג די שעהנע,
אין די רוהע טעג די ריינע
עפּעס קומט צוריק דער גלויבען
וואס די טעג די גרויע רויבען...

אין די זונטאג טעג די טייערע
שפּינסטו טרוימען אומגעהויערע,
בויסטו וועלטען שעהנע נייע,
אָה, די זונטאג טעג די פרייע!...

## א טעות

„געה אין חדר, קינד מיינס טייערס,
ס'וואָרט דער רבי, לויף געשווינד"
—פלעגט מיין מוטער אָפט מיר זאָגען,
ווען איך בין געווען א קינד—
„אז דו וועסט פיל תורה לערנען
וועסט צו לעבען דאן פארשטעהן,
אין דער וועלט דער גרויסער וויסען
ווי מיט מענשען זיך באגעהן."
איך האב תורה פיל געלערענט,
און מיין מאמע האט ג'האט א טעות—
צו פארשטעהן ווי צו לעבען
איז חוץ תורה נויטיג — מ ע ו ת...

## מיין טרויער

עס האט זיך דער הימעל פארוויקעלט אין טרויער,
און אָנגעהויבען וויינען מיט זודיגע טרערען,—
ווי ס'וויינט נאך א קדיש א מוטער א טרייע,
און ס'פאלען די זודיגע הימעלשע טרערען
אראפּ אין די מענשליכע תהום'ען,
און שליסען אין אומעט די הערצער די פרייע.
און גלייך ווי עס מורמעלט דער הימעל דער גרויער
א שטילען געבעט דארט, פארגיסענדיג טרערען
אויף צייטען וואס זענען נישט לאנג ערשט פארפלויגען,
אויף ליכטיגע בליהענדע יונגע חלומות
נאך וועלכע עס שמאַכטען פיל יונגע נשמות
און ס'גיסען מיט טרערען אויך מענשליכע אויגען,
און שווער איז דער אומעט וואס איז אויסגעגאָסען,
ער גרייכט ביז די ווייטע און גרויע האָריזאנטען
וואו ס'ליגען די פעלדער, פארטרויערטע, שטילע,
און ס'וועקט זיך אויך טיף אין מיין הארצען א טרוימען,
און ס'רייסט פון מיין האַרצען א שטילינקע תפלה...

## דער קדיש

זיצט דער בחור ביי דער ארבייט
און די נאָדעל לויפט געשווינד,
פון זיין ליבע מאמע טראכט ער,
וואס פארלאָזט האט איהם א קינד...
היינט ביינאכט דער יאהרצייט איהרער—
און אין הארצען ווערט איהם שווער,
זכרונות לויפען אין זיין מח
און עס פאלט פון אויג א טרער...
ווען פארנאכט,—די זון פארגעהט נאָר,
לויפט ער קדיש גיכער זאָגען
אין האלב-פינסטערען בית מדרש
זיינע טענער וויינען קלאָגען...

# פריהמאָרגען

איך אַטעם איין די ריינע לופט
פון יונגען שעהנעם מאָרגען,
און כ'פיהל עס האט זיך אין מיין הארץ
א זונען שטראל פארבאָרגען.

א שטילע פרייד עס נעמט מיך דורך,
איך הויב א ליד אָן זינגען,
און ס'דאכט זיך מיר, א גאנצע וועלט
פון וואונדער טענער קלינגען...

ס'זינגט דער הימעל און די ערד,
ס'זינגט יעדער גאָט'ס באשאפונג,
נאָר פלוצלונג שטעה איך ביי א טיר
און ווארט פאר איהר אויפעפנונג...

עס עפענט זיך די שווערע טיר
עס רופט דער שאפ דער גרויער,
עס לעשט זיך אוים מיין זונען שטראַל
און ס'רוקט זיך אָן א טרויער...

איך אַטעם איין די ריינע לופט
פון יונגען שעהנעם מאָרגען,
און עס באצאלט מיין הארץ דערנאָך
מיט ערגערנים און זאָרגען...

# איך שטעה און איך ארבייט

איך שטעה און איך ארבייט
און ס'גיסט זיך דאס שווייס,
ארום אזוי שטויביג,
ארום אזוי הייס...
איך שטעה אין דער קוזניע פון לעבען
און שמיד,
פאר ווענען דאס אלעס, פאר מיר?
אָה ניט...
איך שטעה און איך אַרבייט,
ס'קלאפּט הארציג די ברוסט,
און איך טראכט;
ס'פאראנען א ליכטיגער טאג,
פאר מיר אבער בלויז
איז די נאכט...
עס ציטערט דאס הארץ מיט אזויפיל פארלאנגען
אַ וועג,
עס ווילט זיך אזויפיל נאך לעבען גענוסען,
ווער קען?...
איך שטעה און איך ארבייט,
ווי קלאָר איך פארשטעה,
דאָך מוז מען פארטראָגען
דעם ברענענדען וועה...
מען מוז, נאָר קומען א צייט וועט, יאָ קומען,
איך גלויב,
אן ענדע וועט זיין צו דער מאַכט, אן ענדע
צום רויב...

# אין לעבען אין רווישיגען

כ׳בין אָפּט אין לעבען אין רווישיגען א הילפלאָזעס קינד,
עס בויגט און עס שרעקט מיין נשמה דער מינדעסטער ווינד...
כ׳פארליר אָפּט מיין גלויבען, מיין האָפען און כ׳זע ניט קיין ציל,
כ׳בין ווי א שיפעל אין א שטורמישען ים—בלויז א שפּיל...
פינסטערע שאָטענס רוקען זיך אָן און וויקלען מיין הארץ
און ס׳לעשט זיך מיין זון אויס אין לעבען, עס ווערט אזוי שווארץ
און כ׳טרעט מיט די פיס דאן די געטער וואס איך האב געדינט
און ד׳הייליגע ליכט וואס איך האב געצונדען לעש איך אצינד,
און שטיקערווייז ווארף איך מיין אָרימע פלייש פאר די הינד,
און דאָרשטיגע פיאווקעס זויגען מיין בלוט אויף געשווינד

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און כ׳בין אין לעבען, אין רווישיגען, א הילפלאָזעס קינד
עס בויגט און עס שרעקט מיין נשמה דער מינדעסטער ווינד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳בין אָפּט אין לעבען, אין רווישיגען, הארט ווי א שטאָל,
און ס׳מעג זיין דער ביטערסטער שטורם עס רעגט מיך קיין מאָל,
איך שפּאַן, און מיך ארט ניט א טאָל צי א מעכטיגער בארג,
כ׳קריך און איך קלעטער און ס׳איז די וועלט די גאנצע מיר קארג.
עס דוכט מיר אז טויזענדער זונען באלייכטען מיין וועג
און ס׳איז א בוקעט פון בלומען און לידער די טעג...
דאן רייסט זיך א תפלה, א הארציגע תפלה צו גאָט,
און איך דאנק פאר דעם גוטס און כ׳דאנק פאר דעם שלעכטס
וואס ער האט
און כ׳בעט צו באשיצען דעם הילפלאָזען קרבן פון יענעם
וואס האט זיין שעהנינקע וועלטעל געמאכט פאר א גהינום...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳בין אָפּט אין לעבען, אין רווישיגען, הארט ווי א שטאָל
און ס׳מעג זיין דער ביטערסטער שטורם, עס שרעקט מיך
קיין מאָל...

# קריעג

געהט דאס לעבען נישט ווי ס'ווילט זיך
און דו ליידעסט פיל,
איז דיין טרוים ניט קיין ערפילטער
און צו ווייט איז דיין ציל,
צווייפעל ניט און ניט געשראָקען
מוטיג געה דיין וועג;
ס'וועלען קומען אמאל גוטע,
גוטע, שעהנע טעג,

וועה זשע דעם מענשען וועה און ביטער
ווען ער האָפט ניט מעהר,
ווען ער וויל דעם גלויבען זיינעם
געבען א צושטער...

גלויבען, האָפען, שטרעבען, קעמפען,
ערקלער דעם לעבען קריעג,
און מיט דיזע וואפען וועסטו
אויסקעמפען דיין זיעג...

# אונזער שיף

זאָלען ווילדע כוואַליעס שטורמען
אונזער שיף וועט רוהיג שווימען,
און צו אונזער ברעג דעם ליבען,
גלויב מיר, אז מיר וועלען קומען...

זאָלען ווילדע שטראָמען רייסען,
האַלט נור פעסט אין האנד דעם רודער,
און אין גרויסען ים פון לעבען
וויס, אז ס'לעבט פאר דיר א ברודער...

# דריי חברים׳לאך

מיר זיינען געווען חברים׳לאך דריי,
חברים׳לאך דריי,
א גאָלדענער חלום פארבונדען האט אונז
און ער איז פארביי...

און האבען די טרערען אָפּטמאָל דיך געשטיקט,
ס׳האט עפּעס אין הארצען אזוי שווער געדריקט,
ס׳האט עפּעס גענאָגט און ס׳האט עפּעס געפעלט,
האסטו די חברים׳לאך שטיל דאן פארצעהלט
און גלייך ווי עס וואלט זיך אביסעל פארהיילט...

און האָסטו געפיהלט ווען א קינדערשע פרייד,
עס האט זיך פארוואָלט דיר צו לאַכען גאנץ ברייט,
צו שטיפען, צו שפּאַסען, ווי קינדערלאך פריי,
דאן אויפגעזוכט האסטו זיי שוין אויף דאס ניי
און געפרעהט זיך ווי גוטע חברים׳לאך דריי...

מיר זיינען געווען חברים׳לאך דריי,
חברים׳לאך דריי,
א גאָלדענער חלום פארבונדען האט אונז
און ער איז פארביי...

# ס׳איז אמת

(געווידמעט די חלוצים)

ס׳איז אמת, איך האב אין מיין בלוט איינגעזויגען
דעם טרויער, דעם יאוש פון דורות און יאהרען,
וואס איז ווי א משחית א שווארצער
א פלאָג פאר מיין אומה געווארען —

ס׳איז אמת, איך האב בירושה דעם צווייפעל,
וואס גריזשעט ווי טויזענדע ווערים מיין זעעלע,
וואס איז פאר מיין אומגליקליך פאָלק
א ביטערע שרעקליכע קוועלע —

ס׳איז אמת, מען האט מיך פון קינדהייט געלערענט
געדולדיג און קנעכטיש פארטראָגען די ליידען,
ווייל מיר זיינען מאַכטלאָז צו קענען
דעם פינסטערען גורל פארמיידען —

ס׳איז אבער אויך אמת, אז טיף אין מיין הארצען
פלעגט אימער א פונק פון דער האָפענונג גליהען
אויף בעסערע, פרעהליכע צייטען
וואס וועלען ווען קומען צופליהען.

ס׳איז אבער אויך אמת, אז אימער פלעגט ערגעץ
א שטימע פארבאָרגען מיך רופען, און שרייען:
גלויב ליידענדער! קומען א צייט וועט
און וועט דיך פון אומגליק באפרייען.

און ענדליך, און ענדליך, די צייט איז געקומען,
עס ציהען פון ווייט און פון נאָהענט זיך רייהען—
ס׳געהן די קינדער פון ליידענדען פאָלק
מיט מוט זיך פון קנעכטשאפט באפרייען!...

# א שעהנע נאַכט

א שעהנע און ליכטיגע נאכט,
א ווינטעלע בלאָזט אזוי זאַכט,
איך רייס צו דעם הימעל מיין בליק,
די שטערענדלאך פינקלען מיט גליק...

עס רוהען די מענשען פון טאג,
זיי ווילען פארגעסען זייער פּלאָג,
זיי ווילען אָנזאמלען זייער כח—
א מאָרגען צו זיי קומט דאך אויך...
איך בלאָנדזשע איין עלענדער אום,
איך רייד צו די שטערענדלאך שטום,
ווי גליקליך, ווי גרויס איז אייער פרייד,
איהר קענט ניט דעם טאג מיט זיין לייד.

— — — — — — — — — — —

א שעהנע און ליכטיגע נאכט,
נור באלד געהט פאָראיבער איהר פּראַכט,
די מענשען ערוואַכען און ס'ווערט
דער ליידענדער טאג אויף דער ערד...

## ארבייטסלאָז

ווייסט איהר דעם ברענענדען וועהטאג פון אומגעהן
זיך בעטען, „ארבייט גיט מיר“.
איך וויל זיך פאר פענים, פאר פענים פארקויפען
און מען ווייזט מיר די טיר...

כ'האב א פאָר הענד, א פאָר פיס אויך געזונטע,
א רוקען א שטאַרקען מיט כח,
כ'האב אויך א קאָפּ וואס קען דינען צו אלעס
כאָטש כ'ווייס אז איהר דארפט ניט קיין מח...

כ'וויל ארבייטען, שקלאַפען, זאָל זיין וואס עס ווילט זיך
און קויפט אָפּ מיין לעבען, מיין בלוט,
איך קען מעהר ניט צוזעהן — דער טייפעל פון הונגער
טוט פלעכטען זיין אייזערנעם קנוט...

כ'האב אויך געהאט דאס עזות צו וועלען פארזוכען
פון ערדישען גליק אין מיין נויט,
כ'האב יעצט א פרוי א געטרייע, און קינדער,
זיי ווילען כאָטש טרוקענעם ברויט...

כ'געה אום און בעט זיך, ארבייטען וויל איך
דעם ביסען פארדינען דאס בלויז,
און אומעטום הער איך אן ענטפער, מען דארף ניט,
און טיף איז דער וועהטאג און גרויס...

# א ריח-נחוח פאר'ן טייפעל

ס'איז איינגעהילט די וועלט אין פלאַמען,
ס'איז די ערד אין בלוט פארטרונקען,
ס'איז דער גרויסער גאט פון ליבע
ערגעץ אין א ים פארזונקען—

ס'האט א שווארצע נאכט פארשפרייט זיך,
ס'שיינט קיין איינציג ליכט פון ווייטען,
און מיט ווילדער מאַכט געוועלטיגט
ק י ן, ק י ן, פון פארצייטען...

צוברעך די געטער, רייס די לוחות—
דיען דעם טייפעל מיט קרבנות!
מענש, דו ביזט די אלטע חיה
אָהן רחמנות, אָהן רחמנות...

אין די פעלדער, אין די וועלדער,
דאָרטען ווייז דיין בייזען כח—
פרעסט און שלינגט איין איינם דעם צווייטען,
ס'איז פאר'ן טייפעל א ריח-נחוח!

# חג הבכורים

צו זאל איך באזינגען די גאָלדענע טעג,
וואס האט ווען מיין פאָלק דורגעמאכט?
צו זאל איך באוויינען דעם חורבן פון יעצט,
די פינסטערע שרעקליכע נאכט? . . .

א פרילינג א שעהנער, דער הימעל איז קלאָר,
די זון איז נאָר וואָס אויפגעגאנגען;
עס ציהען זיך רייהען — די יוגענד פון ציון,
זי געהט דארט מיט פריידען געזאַנגען.
עס גרינען די פעלדער, עס דופטען די בלומען,
עס אטעמט מיט לופט מיט געזונטער;
די זיהן און די טעכטער פון שטאָלצען יהודה,
זיי זיינען יעצט לעבעדיג, מונטער.
זיי געהן יעצט זאַמלען די פרוכט פון זייער ארבייט
און ס'קלינגען די לידער פון ווייטען,
זיי געהן אויף אייגענם פון אייגענם געניסען—
אָ, הייליגע גאָלדענע צייטען! . . .

א פרילינג א ליבער, נור דונקעלע וואָלקענס
פארשטעלען די זון מיט די שטראַלען;
א נעבעל א שווארצער פארשפרייט האט די ערד,
א רעגען נעמט אומעדיג פאַלען.
עס ליגען די פעלדער און וועלדער פארוועלקטע,
גלייך ווי אין ווינטער אין קאַלטען,
און ערגעץ פון ווייטענס דארט ציהען זיך רייהען
פון טויטע, ווי שאָטענס געשטאַלטען.
דארט געהן צוזאמענגעבראָכענע טאטעס און מאמעס
מיט אויגען, וואס גיסען ווי קוואַלען,
זיי זוכען צו זאמלען די טייערע קרבנות
וואס זיינען פאר פרעמדע געפאלען.

צו זאל איך באזינגען די גאָלדענע טעג,
וואס האט ווען מיין פאָלק דורכגעמאכט? . . .
צו זאל איך באוויינען דעם חורבן פון יעצט,
די פינסטערע שרעקליכע נאכט? . . .

# דער נייער חורבן

טו אָן א זאַק, באדעק דיין קאָפּ מיט אַש
און געה אוועק אהין, אין דיין פארלאָזטער אלטער שוהל
און וויין און קלאָג, נור נישט אויף יענעם חורבן פון אמאָל—
אָ יענער בראָך איז לאַנג פארגעסען שוין...
גיס אויס דיין לעצט ביסעל טרערען,
רייס אויס דיין לעצטען קרעכץ, שריי אויס דיין טיפען וועה:
וואס איז פון אונז געווארען! זעה, מענש, זעה,
דעם חורבן פון לעצטע שווארצע טעג...
און ביזטו ווייט, און פילסטו ניט די לייד,
און ביזטו פון דעם שווארצען גורל פון דיין פאָלק אנטלאָפען,
נור וואו דו ביזט, עס האט דיך דאָרט געווים, געווים געטראפען
דער יאָמער פון דיין גוסס'דיגען שטאַם...
און איז דיין בלוט דיר קאַלט, דיין הארץ פארגליווערט שטארק,
און וויסטו ניט און פיהלסטו ניט דעם גרויסען צער,
דאן קום מיט מיר, איך וועל דיר אוועקפיהרען אהין
וואו מיט א ווילדער מאַכט עס טוט דער טויט רעגירען,
וואו מענשען'ס הערצער ווערען טויב און שטום,
וואו הבל ליגט אין בלוט און קין טאנצט ארום,
וואו קינדער ווערען אויסגעריסען פון זייער מוטער'ס שויס,
וואו טאַטעס מאַמעס געהן פון הונגער אויס,
וואו הערצער וואַרימע עס ווערען דאָרט פארשטיינט,
וואו ים'ען בלוט און טרערען ס'ווערען אויסגעוויינט,
וואו ס'קאָרטשעט זיך מיין פאָלק אין גרעסטען פיין,
וואו ס'שיינט פאר איהם קיין ברעקעל ליכט און שיין,
וואו שונאים קעמפען אין א ווילדער שלאַכט
און ער איז בלויז א קרבן פון זייער מאַכט...
נו, קום מיט מיר, איך וועל דיר אוועקפיהרען אהין,
וואו צובלוטיגט צאַפּעלט זיך מיין פאָלק אין יסורים שטומע—
אָט דאָרטען וועסטו זעהן דעם גרויסען חורבן,
דעם נייעם חורבן פון מיין שווער געשטראָפטער אומה...

## זויג קינדערלע

צוגעקומען איז די מילך אין די ברוסטען מיינע,
זויג זשע קינדעלע וואס גיכער מיט די ליפעלאך דייטע.
ס׳שטעכט די מילך ווי מיט שפיזען
און ווי גוט ס׳פיהלט זיך
ווען דיין מיילעכעל דיין קליינס
ציהט ארוים אויף גיך . . .

מיט דער מילך פון די ברוסטען זויגסט אויך צוזאמען
אלעם וואס אין הארצען טוט זיך ביי דיין מאמען.
זויג זשע קינדעלע די ליבע,
נאָר דיין מאמע׳ס ליבע . . .
ניט די שטילינקע פארדרוסען
פון די טעג די טריבע . . .

נאָגט מיין הארץ אזוי שטארק זים, פון זיסקייט קומען טרערען,
עס דאכט זיך מיר איך וואָלט געוואָלט זאלסט קיינמאל ניט
אויפהערען.
קינד מיינס טייערס, קוקסט אויף מיר
מיט דיינע גרויסע אויגען
צו זעהסטו כאטש די גרויסע פרייד
וואס מאמע האט ביים זויגען . . .

# אפגעבאָרען

אפּגעבאָדען ליגט דאס קינד מיינס
פריש און צאַרט און ווייך,
אויף די אויגאלאך שוועבט א דרימעל
ס'פּנים'ל איז ניט בלייך..

אפּגעמאטערט פון דעם באָדען
קינדעלע מיין לעבען,
לאָז אָנטאָן בלויז דאס העמדעלע
וועל איך עסען געבען...

אָט אזוי מיין ליבינקער
דריק דיך צו דיין מאמע
אז זי איז דיין בעסטער פריינד
פיהלסטו דאס מסתמא...

זויג זשע מיט דיין מוילעכל
די פולע ברוסטען מיינע,
און פארמאך די אויגעלאך
די טייערע אויגען דיינע.

## ביינאכט

שלאָף איך נאכ'ן טאג דעם שווערען,
זאָרג און לייד צורינען;
און א זיסער שעהנער חלום
טוט מיין הארץ פארשפינען...

פּלוצים—האַ־האַ־האַ־האַ,
ס'וועקען די געשרייען
פון מיין זונעלע מיין טייערען
כ'לויף אראפּ איהם זעהן...

עסען ווילסטו...קום מיין לעבען,
קום איך וועל דיך זויגען,
אבער לאז נאך מאמען שלאפען
פארמאך מיין קינד די אויגען

האסט דיין מאמען אפּגעריסען
פון חלומות שעהנע,
שלעכטער אינגעל, ביזט אין לעבען
כאָטש די טרייסט די איינע...

# מיט׳ן פערדעלע

שפיל זיך מיט׳ן פערדעלע
מיין טייערינקער אצינד,
לאז דיין מאמען צורוימען
דאס שטיבעלע, מיין קינד.

ס׳פערדעלע האט שווארצינקע
שעהנע אויגעלאך צוויי,
שפיל זשע זיך מיין ליבינקער,
שפיל זשע זיך מיט זיי...

זאלסט דאס קליינע קעפעלע
אינגעלע ניט שלאָגען;
ווייל ס׳איז שטום דאס פערדעלע
און ס׳קען זיך ניט באקלאגען...

זאלסט די שעהנע הערעלאך
קינדעלע ניט רייסען,
טוסטו ווערה דאס פערדעלע—
וועט די מאמע שמייסען...

* * *

ווען וועסט אויסוואקסען מיין קינד
און וועסט פארשטעהן ווייטער...
וועסטו אין דעם לעבען זעהן
פערדעלאך און רייטער...

שפיל זשע מיט׳ן פערדעלע
זונעלע פארשייטער.
עפעס זאגט דאס הארץ מיר אז
דו וועסט זיין א רייטער...

# די ציינדעלאך

שניידען זיך די ציינדעלאך די קליינע
צופלאַמען זיך די בעקעלאך די שעהנע;
דאס קעפעלע עס ווערט ווי אַנגעצונדען,
די פרעהליכקייט, זי ווערט אויף גיך פארשוואונדען.
וויינסטו קינד מיינס מיט א שטומען וועהטאג,
שפילערייען איז דיר שוין ניט נויטיג.
טייער זונעלע, ווער נאך קען מיטפיהלען
וואס עס נאַגט אין הערצעלע אין שטילען...

אַרים איז דיין מאמע, קינד,
מוזטו אויסוואקסען געזונד...
מוזטו האבען ציינדעלעך שטאַל
אלעם צו צוקייען אמאל...
קומען קען א שווערע נויט
און ס'וועט זיין בלויז טרוקען ברויט,
מוז מען, קינדעלע, צוקייען
און דאס העלזעלע דארף פארשלינגען
און דאס בייכעלע פארדייען
מיט א לידעל צוגעזונגען...
קומען קען א צייט אין לעבען
ס'וועלען דיך מיט שטריק פארוועבען שלעכטע,
וועסט זיי מיט די ציין צובייסען
און א פרייער זיך אויסרייסען...

שווייג זשע זונעלע דער מאמעס
הער שוין אויף צו וויינען,
ס'וועלען פערעל ציינדעלאך
דיין מוילעכעל באשעהנען...

## זאג אינגעלע, „פּאַפּאַ“

פּאַ־פּאַ—זאָג זשע אינגעלע, פּאַ־פּאַ—פּאַ־פּאַ—

ערגעץ אויף אן ארט א ווייטען
ארבייט פּאַפּאַ אצינד,
פאר דיין מאמען דער געטרייער
און פאר דיר מיין קינד.
און וועט פּאַפּאַ אהיים קומען
און וועט אינגעלע זעהן,
וועט אויף זיין פארזאָרגטען פּנים
שמייכעלעך צוגעהן...

פּאַ־פּאַ—זאָג זשע אינגעלע, פּאַ־פּאַ—פּאַ־פּאַ—

האסט מיין קינד א גוטען פּאַפּאַ
נאָר ער זאָרגט פאר דיר,
ביזט דאס טייערסטע אין זיין לעבען
טייער פונקט ווי מיר.
און וועט פּאַפּאַ אהיים קומען
און וועט אינגעלע הערען,
וועט פון זיינע גוטע אויגען
קאַפּען פריידענס טרערען.

פּאַ־פּאַ—זאָג זשע אינגעלע, פּאַ־פּאַ—פּאַ־פּאַ—

ס'טוט דער פּאַפּאַ אלעס, אלעס
וואס ער קען אין לעבען,
אום אונז גליקליך נאָר צו מאכען
און אונז פריידען געבען.
און וועט פּאַפּאַ אהיים קומען
הערען אינגעלע ריידען,
וועט ער דאן אונז כאַפּען קושען,
קושען, קושען,ביידען...

פּאַ־פּאַ—זאָג זשע אינגעלע, פּאַ־פּאַ—פּאַ־פּאַ.

# דיינע אויגען

קוק איך אין די אויגען דיינע
פיהלט מיין הארץ א וועה,
עפּעס קוקט א טיפער אומעט
שטיל ארוים פון זיי...
און עס דאכט מיר אז די אויגען
ווייסען שוין די לייד
וואס אין גרויען שווערען לעבען
יעטוועדען באגלייט...
ליבע אויגען, טייערע אויגען,
זייט ניט אזוי טריב,
איך וועל אויסקושען אייער טרויער
און אייך האבען ליב...

* * *

ס'האט דיין מאמע גרויע אויגען
ווי דאס לעבען גרוי,
דיינע אויגלאך, ליבער קינד מיינס
דארף נישט זיין אזוי...
ס'איז דיין מאמעשי געבוירען
אין א ווייטען לאנד,
וואו פאר יעדען מענשען'ס אויגען
שטעהט א שווארצע וואנט...
קאַלט איז דאַרטען, פינסטער חושך,
גאַרנישט קען מען זעהן,
און א בייזע האנט א שטאַרקע
שמייסט דארט גרוים און קליין.
זיינען יענע מענשען'ס אויגען
אָהן א ליכט און שיין,
דיינע אויגלאך, ליבער קינד מיינס,
דארף אזוי נישט זיין...

* * *

דיך האט אין א לאנד א שעהנעם
מאמעשי געבראכט,
יעדער קען אזויפיל קוקען
וויפיל אין זיין מאכט...
ס'וואָרפט די גרויסע זון די שטראַלען
יעדען מענשען גלייך.
זיינען מענשען'ס אויגען גלאנציג
און אין פארבען רייך;
פול מיט לעבען, פול מיט פריידען,
פול מיט זונען שיין.
אָט אזוי, מיין ליבער קינד מיינס,
זאלען זיי מיר זיין.

## מיין וואהנונג

אין צימערלאך דריי איז מיין וואהנונג,
אין זיי איז מיין גליקליכע היים;
זיי זיינען מיין הייליגער טעמפּעל
וואו ס'רוהט נאָר די שכינה אליין.
אין זיי וועבט זיך מיט גאלדענע פאָדים
מיין האַרציגער זוניגער גליק,
אָ, אויסגעקושט וואלט איך איעדען
קליין ווינקעל וואו עס פאלט נאָר מיין בליק.
ווייל אומעטום וואו נאָר איך דרעה זיך
זעה איך מיין מלאך, מיין קינד,
עס וואלטען די צימערלעך וויינען
ווען ער זאל ניט זיין אין זיי צינד.

* * *

איין צימעריל איז פאר דעם קאָכען
מאכלים'לעך גוטע אלערליי,
פאר עסען און רוהען און שלאפען,
דאס זיינען די אנדערע צוויי.

און אלע זיי זיינען מיר טייער,
נאָר בעסער פון אלע ליב איך
מיין שעהנינקען ווייסענקען צימער
וואו ס'איז דארט מיין ריינינקע קיך.
א זויבערער טישעל אין מיטען,
אן אויוועז וואס בלאנקט ביי דער זייט
א גלעזערנער שראַנק וואו די כלים
בלענדען דאס אויג פון דער ווייט...
און אלעס וואס איז נאָר פאראנען
כאַטש אָרים, נאָר ס'פינקעלט א פראכט
און איך ווי א קעניגין הערש דארט
און אלעס עס איז אין מיין מאכט.
און ס'אינגעל, מיין קליינינקער פרינצעל,
ער קריכט דארטען אום אויף דעם פלאָר,
ער שפילט זיך, און לאכט, און ער זינגט זיך
און אלעס עס זינגט מיט אין כאָר.

## מיר אלע דריי

א פייער ברענט לוסטיג אין אויוועז
ס'צינט אויך אָן מיין הייסינקען בלוט,
איך באַק, און איך קאָך און איך פרעגעל,
און אלעס עס שמעקט אזוי גוט...
א זיסקייט צוגעהט אין מיין הארצען,
כ'דערמאָן זיך פאר וועמען איך טו,
פאר גוטע און טייערע נשמות
און סווילט זיך ניט האבען קיין רוה...

* * *

אהיים קומען וועט ער א מידער
דער טיש וועט שוין זיין דאן פארשפרייט,
און גוטע געשמאקע מאכלים
זיי וועלען שוין זיין צוגעגרייט.

און איך מיט מיין שעהנינקען אינגעל
מיר וועלען דעם פאַפאַ עמפפאנגען,
דער פאַפאַ וועט ס'אינגעלע צערטלען
און איך וועל צום טיש דאן דערלאנגען.

* * *

מיר וועלען דאן עסען און לאכען,
ס'הארץ וועט זיך פרעהליך צופלאַמען,
און איך וועל מיט שמייכלען און קושען
דאס עסען נאך מעהרער באַ־טעמ'ען.
און זינגענדיג וועל איך זיך שפעטער
מיין קיכ'עלע געהן צורוימען,
און מיר וועלען אלע דריי נאכהער
זיצען צוזאמען און טרוימען.

##ביים פענסטער

ביי דעם פענסטער זיצען מיר
קוקען אין דער גאס,
ס'פאַלט א ווייסער שנייעלע
און ס'איז קאַלט און נאַס—
לויפען קינדערלעך דארט אום
מיט צואווייקטע שיך.
קוק איך אויף מיין אינגעלע
און איך טראכט אין זיך:
ביזט דאך אויך אן ארים קינד,
קאן דען וויסען ווער,
צו דיין גורל וועט ווען ניט
אויך זיין אזוי שווער.
קלעמט דאס הארץ און ס'פרעסט אזוי
קומט א טרער צוגעהן,
ווערט מיר נאכדעם פלוצלונג גרינג.
ניין, ס'וועט ניט געשעהן . . .

# העמדעלאך

ס'נעהט די מאמע העמדעלאך
פאר דעם טייערען קינד,
זיי זשע א וואויל אינגעלע
און שפיל אליין אצינד.

העמדעלאך איהר ווייסינקע
העמדעלאך איהר רייניקע,
ר'וועט מיין אינגעלע ווארעמען
ס'לייבעלע דאס שעהנינקע.

געבענשט זאלען זיין דער מאמע'ס הענט
וואס קענען אליין נעהען
וועט אין געקויפטע העמדעלאך
מיין זונעלע ניט געהן...
העמדעלאך וואס זיינען געמאכט
פון הענטעלאך פארשקלאַפטע,
העמדעלאך פון אָרימע
מיט שוויים און בלוט געשאַפטע.
העמדעלאך וואס איז אין זיי
טרעהרעלאך באהאלטען;
העמדעלאך וואס קען זיין ווער
האט ערגיץ וואו פארשאָלטען.
ס'וועט אזעלכע העמדעלאך
מיין זונעלע ניט טראגען,
ס'וואָלט מיין פרייד געווען פארשטערט
ס'וואָלט געטאן מיך פלאגען.

אבער די וואס מאמע נעהט
ז'אין ערגיץ ניט צו קריגען,
ווייל אין יעדען נעטעלע
וועט מאמע'ס הארץ דארט ליגען.

און אין יעדען פעלדעלע
וועט זיין א גאנצער הויפען
פון א יענער טיפער ליבע
וואס קיין גאלד קען קויפען.

ס'נעהט די מאמע העמדעלאך
פאר דעם טייערען קינד,
זיי זשע א וואויל אינגעלע
און שפיל אליין אצינד.

## ווער און פאר וועמען?

ווער האט א גאָלדען קעפעלע
און אויגען ווי בריליאנטען,
וואס ווען זיי קוקען דאכט זיך אוים
עם פינקלען צוויי דימאנטען?
—מיין אינגעלע, מיין קליינער.

ווער האט א פנים וואס עם שיינט
ווי די זון די שעהנע,
און ציינדעלאך וואס קוקען אוים
ווי פערעלאך ווי קליינע?
—מיין אינגעלע, מיין שעהנער.

ווער איז מיין אוצר און מיין גליק
אין מיין גאנצען לעבען,
פאר וועמען וואלט איך מיט א פרייד
ס'הארץ אוועקגעגעבען?
—מיין אינגעלע, מיין זיסער.

פאר וועמען שלאף איך ניט קיין נעכט
ס'זאל איהם גארניט פעהלען,
האב קיין רוה אויך גאנצע טעג
מ'קען דען אויסדערצעהלען?...
—מיין מזיק'ל, מיין מיאוסער...

## ווערט אמאל...

ווערט אמאל דאס קינד מיר קראנק
הערט עס אויף צו עסען,
קען איך אויך קיין ביים טאָן
ס'לאזט זיך ניט פארגעסען...

הערט עס אויף צו שפּילען זיך
און עס האלט אין וויינען,
ווערט דאס הארץ דערשלאגען מיר
ווי מען װאלט פארשטיינען...

דאס קעפּעלע עס ברענט פון היץ
די בעקעלאך זיי פלאמען,
קינדעלע וואס דארף דיר זיין
זאל דאס זיין דער מאמע'ן!...

שלאָפט ער, קרעכצעט ער פון שלאָף
וואַכט אויף מיט געשרייען.
זון מיין שעהנער, שלאָף זיך אוים
ועסטו געזונד אויפשטעהן...

# דיינע קושען

וועט די קליינע ליפּעלאך
די פרישינקע, די רויטינקע
קושען א מינוט,
פיהל איך ווי א ווארימקייט
וואלט אין הארץ צוגאנגגען זיך
ס'איז אזוי שטארק גוט...

וועט די שעהנע ליפּעלאך
די הארציגע, די זיסענקע
דריקען זיך צו מיר
פיהל איך ווי א זיסקייט וואלט
אין מיין הארץ אריינגעטריפט,
ס'איז חיות'דיג אהן שיעור.

עס זיינען דיינע קושעלאך
מיין גרעסטער פארגעניגען,
עפּעס גלייך ווי טעפּ מיט האָניק
וואלטען איז זיי ליגען.

הער ניט אויף צו קושען, קינד,
מאמע'ן וועט טאן באנג
דריק מיך צו דיין הערצעלע
און קוש און קוש מיך לאנג.

## פון די הענט אראפּ

פון די הענט אראפּ, דו מזיק,
כ'וועל דיך מעהר ניט האלטען,
ס'וועט דיר גארניט גארניט העלפען
מאכען מעגסטו גוואלדען.
האסטו שוין אזוינס געהערט
ס'וויל אליין ניט רוה'ן,
איך האב אזויפיל ארבייט נאך
איך דארף אזויפיל טוה'ן...

שאַ מיין קינד, דו ווייסט דאך אז
די מאמע וואלט גענומען,
ס'איז אבער קיין צייט ניטא
פּאַפּאַ וועט באלד קומען.
און וועל איך ניט אפּטאָן אלעס
וועלען מיר באריהען...
ווייל דער פּאַפּאַ איז א בייזער
וועט ער אויף אונז שרייען...

ס'איז דיין פּאַפּאַ גוט און בייז
שרייט און באלד געלאכט,
ס'האט זיין גוטעס ווייכעס הארץ
ס'לעבען הארט געמאכט—
שאַ מיין קינד, כ'וועל צורוימען
און אָפּקאָכען עסען,
וועסטו ווי א הונגעריגער
וועלפעלע אויך פרעסען.

# די שכנה

זאגט מיר כ'בעט אייך פרעגט די שכנה
מיט א שטימע מיט א ווייכער;
—„וואס איז אבער אייער שעהן זוהנעלע
אייער אינגעל אזא בלייכער?“...
זאג איך, ר'איז א שוואכעס קינד
אבער ער איז דאך געזונד...
און דאס קליינע ווארט דערנאך
טוט אין הארץ ביי מיר א שטאָך.

זאגט מיר, כ'בעט אייך, פרעגט די שכנה,
מיט רחמנות מיט געמאכטען;
—„וואס לאזט איהר אייער אינגעלע
לאנג זיצען א פארטראכטען?“—
זאג איך ס'איז מיין זוהן א קלוגער
מוז ער עפּעס קלערען.
אבער אין מיין האלז פיהל איך
שטיקען מיך שוין טרערען.

כ'וויל ניט אז די בעקעלאך
זאלען בלייך זיין ווי זיי זיינען,
נאָר ווי רויטע עפּעלאך
זיי זאלען בליהען, שיינען.
כ'וויל ניט אז מיין אינגעלע
זאל שטענדיג עפּעס טראכטען,
כ'וויל אז פון די אויגען זאל
נאר א פרייד אויסלייכטען...

כ'גלייך ניט אָט די שכנה'טע,
זי ווארפט אויף מיר א טרויער,
כ'גלייך ניט איהר רחמנות-פּנים
כ'גלייך ניט איהר באדויער...

# הינטעלאך

ס'האט מיין קינד א הינטעלע
ס'פינגערל צוביסען,
וויינט עס אזוי שטארק פון וועה
ווערט מיין הארץ צוריסען.
אויך דיין מאמעלע, מיין קינד,
טוט דיין וועהטאג פיהלען,
מאמע ניט געהייסען האט
מיט הינטעלאך זיך שפילען.

מאמע וועט א פלעסטערעל
צום פינגערל אָנשמירען,
וועט מיין טייער זוהנעלע
קיין וועהטאגעל ניט שפירען.
ס'וועט זיך באַלד דאָס פינגערל
ס'שעהנינקע פארהיילען,
און אויפ'ן הינטעלע זאלסטו
פאַפאַלע'ן דערצעהלען.

ער וועט שוין דאס הינטעלע
גוט און שטארק אָנשמייסען,
און ער וועט דעם אינגעלע
נאך אמאל ניט בייסען...

אז דו וועסט א גרויסער זיין
וואו דו וועסט נאָר געהן,
וועסטו דארטען בייזענקע
הינטעלאך פיל זעהן.
און אז מען וויל די ציינדעלאך
די שארפינקע ניט ליידען,
מוז מען אפט די הינטעלאך
קינדעלע, אויסמיידען—

און אז מען איז אי שטארק אי קלוג
קען מען זיי אָנשמייסען.
און די בייזע ציינדעלאך
וועלען שוין ניט בייסען
דו מיין קינד וועסט אויפוואקסען
קלוג און אויך געזונד —
וועסטו זיך קיינמאל ניט שרעקען
פאר די בייזע הינט...

## א קאַשקעלע

א קאַשקעלע פון גרייפּעלאך
קאָכט מאמע אפּ אצינד,
און דאס זיסע קאַשקעלע
וועט עסען בלויז מיין קינד.

כ'וועל דאס גוטע קאַשקעלע
מיט פרישע מילך באגיסען
און אין שעהנעם טעלעריל
וועט מאמע דאס אָנגיסען.
עס וועט זיין צו הייס, מיין קינד,
מאמע וועט אויסבלאָזען,
און דערנאָך דעם אינגעלע
אליין עסען לאזען...

און דאס קליינע פּיסקעלע
וועט ס'טעלערעל אויסכלעפּטשען,
וועט די מאמע געבען נאך
און א תפלה שעפּטשען

## וויעג ליד

ליו ליו מיין אינגעלע,
ליו ליו מיין קרוין,
ווער אנשלאָפען שוין . . .

ווארעם ביזטו איינגעדעקט
אין שטוב איזווארים אויך,
און דיין מאמע האט דיך ליב
מיט איהר גאנצען כח.

אויף שעהנע ווייכע קישעלאך
דיין קעפעלע איצט ליגט,
ס'האט די קליינע פעדערלאך
דיין מאַ אליין געפליקט.

ליו ליו מיין אינגעלע,
ליו ליו מיין קרוין,
ווער אַנשלאָפען שוין . . .

ס'איז פאראנען אינגעלאך
שעהנינקע ווי דו,
האבען זיי קיין מאמעס ניט
האבען זיי קיין רוה . . .

האבען זיי קיין קישעלאך,
האבען זיי קיין וויגעלאך,
זיינען זיי ווי הילפלאָזע
קליינע שוואכע פויגעלאך . . .

ליו ליו מיין אינגעלע,
ליו ליו מיין קרוין,
ווער אנשלאָפען שוין . . .

הערסטו אויף א יענע דעכער
מיאַקען בייזע קעץ,
אין א יענע שטיבעלאך
איז א קעלט און נעץ.

ליו ליו מיין אינגעלע,
ליו ליו מיין קרוין,
ווער אנשלאָפּען שוין...

זיינען דאָ דאָרט קינדערלאך
שעהנינקע ווי גאָלד,
קיינער אבער זארגט פאר זיי
קיינער האט זיי האָלט.

פריהרען זיי און ליידען זיי
בלאָזט אויף זיי דער ווינט,
דו אבער, מיין אינגעלע
ביזט א גליקליך קינד.

ליו ליו מיין אינגעלע,
ליו ליו מיין קרוין,
ווער אנשלאָפּען שוין...

## קיכעלאך

ס'באקט די מאמע קיכעלאך,
קיכעלאך מיט מאָן;
עסען וועט די קיכעלאך
מיין קליינער טייערער זוהן.
ס'וועלען זיינע צייהנדעלאך
גריזען זיי מיט לוסט,
און מיט פארגעניגען פול
וועט זיין דער מאמע'ס ברוסט.
אויסגעבאקטע קיכעלאך
דארינקע און ברוינינקע,
איהר האט טויזענט טעמ'ען—
און ווען דאס קליינע פיסקעלע
פון מיין אינגעלע כראָמטשעט אייך,
איז א פרייד דער מאמע'ן.

## אויפ'ן פלאָר

אויפ'ן פלאָר קריכט אום מיין קינד
שפּילט זיך אזוי שעהן,
נעם איך זיך א צייטונג שטיל
זעץ איך מיך און לייען.
לייען איך פון דער גרויסער קריעג
וואס איז אָהן אן עק,
ס'זיינען מענשען אזוי ווילד
טראכט איך מיט א שרעק...
פּלוצים ציהט מיין אינגעלע
מיך אראפּ צו זיך,
ר'וויל ניט ליידען וואס איך לייען,
מיט-שפּילען זאל איך...
לעג איז שוין דאס בלאט אוועק
קריך אויך אויפ'ן פלאָר,
בעסער איז צו זיין א קינד
און ניט וויסען גאָר...
קריך איך און מיין זוהן נאך מיר
לאכט ער מיט א פרייד,
אזא גרויס פארשייטעס קינד
ס'ערשטע מאל ער זעהט.
שטיפען מיר א לאנגע צייט
ביז מיר ווערען מיד,
און מיר ווערען איינגעשלאפען
מיט א זיסער ליד...

## די ערשטע טריט

נאך א טריט און נאך א טריט
אט אזוי מיין טייער קינד,
לערען זיך שוין געהן,
ווי די קליינע פיסעלאך
שפאנען אום אהער אהין
מאמע וויל שוין זעהן...
נאך א טריט און נאך א טריט,
טוסטו ליבינקער א פאל,
קינד ניט שרעק זיך דאן!...
פאלען וועסט צו ביסעלאך
ביז די קליינע פיסעלאך
וועלען שטארקע זיין—
נאך א טריט און נאך א טריט,
אָ, ווי גליקליך וועל איך זיין
ווען איך וועל שוין זעהן,
ווי מיין אינגעל לויפט ארום
ווי א שרעטעלע א קליינס,
אָ, וועל איך זיך פרעהען...

## א תפלה

אוי פאפא, דיין אָרימער פאפא,
ר'איז אין דער ארבייט
אזוי ווי א פערדל אין שפאן,
נו גאטעניו העלף אונזער פאפא'ן
זעה אז ס'זאל שטענדיג
געזונט אונזער פערדעלע זיין...

# א גוט שבת

א גוט שבת, א גוט שבת,
טייער אינגעל מיינס...

ס'האט דיין מאמע ליכט געבענשט שוין
און ביי גאט געבעטען,
אז ער זאל זיין גוטען חסד
אויך אויף אונז פארשפרייטען.
פאפא זאל שוין מעהר ניט דארפען
ארבייטען ביי יענעם,
און פארלירען זיין געזונד דארט
פאר א לוין א קליינעם.
מאמע זאל שוין מעהר ניט דארפען
אין דעם הויז זיך פלאגען
און איהר קאפ זאל טאג און נאכט נאר
זארגען זיך און דאגה'ען.
ס'זאל שוין אלעם וואס מען דארף
אין דעם הויז ניט פעהלען,
ס'זאל דער קאפ ניט טריקענען
די פענים אויסצוטיילען...
זאלסט מיין אינגעל זיין געזונט
מיט לאנגע יאהרען פילע—
גאט דערהער א מאמע'ס הארץ
גאט פארנעהם מיין תפלה.

א גוט שבת, א גוט שבת,
טייער אינגעל מיינס...

# בלאָזן זיך די ליכטעלאך

בלאָזן זיך די ליכטעלאך
לעשען זיך פון ווינד,
זיי וועלן אבער קיינמאל ניט
זיך אויסלעשען, מיין קינד.

ס'זיינען, קינד, די פלעמעלאך,
טיילען פון א פלאַם,
וואס אין הארצען יאהרען לאנג
טראגט דיין וואונדער שטאַם.

אויף וועגען קרומע און פארדרעהטע
בלאָנדזשען מיר אום לאַנג,
בלויז די קליינע ליבע ליכטעלאך
לייכטען אונזער גאנג.

עפּעס ווערט דער וועג איצט גלייכער,
כ'זעה דאכט זיך פון דער ווייט
ווי די זון די גאָלדענע
געהט אויף אין מזרח זייט.

אפשר וועט שוין זיין אן עק
פון אונזער לאנגען וועג—
אפשר וועלן איצטער קומען
פרייע גוטע טעג.

# אפשר

זיין איך אָפט און קלער:
וואס זשע וועט מיין אינגעל זיין,
וואלט וועלען וויסען זעהר
אפשר דאס און אפשר דאס?
שווער צו וויסען—שווער.

אפשר גאָר א דאָקטאר?
וועט מיין קינד א דאקטאר זיין,
וועט איהם יעדער בענשען,
ער וועט אלע וואונדען
אויסהיילען ביי מענשען.

אפשר גאָר א לאָיער?
וועט מיין קינד א לאָיער זיין
וועט ער אין קאָורט־הויז זיצען,
און די עלענדע פארפאלגטע
וועט ער דארט באשיצען...

אפשר גאר א דענטיסט?
וועט מיין קינד א דענטיסט זיין
וועט ער נאר אויסרייסען,
אלע בייזע ציינער
פון מענשען וואס זיי בייסען...

אפשר גאָר א שרייבער?
וועט מיין קינד א שרייבער זיין
וועט ער קלאָר באשרייבען דאן,
ווי צו לעבען גוט און פיין
מענשען זאלען מענשען זיין.

אפשר גאָר א שניידער?
וועט מיין קינד א שניידער זיין
תכריכימלעך זאל ער נייהען
פאר די פוסט און פאסניקעס
וואס ליידיג טאן אומגעהן.

אפשר גאָר א גרעבער?

וועט מיין קינד א גרעבער זיין,
גראָבען זאל ער טיף און גוט—
און באגראָבען אלע וואס
לעבען פון א צווייטענ׳ס בלוט.

זיין איך אָפּט און קלער,
וואס זשע וועט מיין אינגעל זיין,
וואלט וועלען וויסען זעהר—
אפשר דאס און אפשר דאס,
שווער צו וויסען שווער...

## כ׳האב געזאגט...

כ׳האב געזאגט אז כ׳וועל דערצעהלען
פּאַפּאַל׳ן אויף דיר,
האסטו נישט געוואלט מיר גלויבען
נו, אָט האָסטו דיר.

פּאַפּאַ האט דיך אָנגעשמיסען
ווי עס דארף צו זיין,
מאַמען האָט דאס האַרץ געריסען
אבער עס איז פיין.

ס׳דארף דאס אינגעל מאמע׳ן פאָלגען
אלעס וואס זי זאגט—
איז דער אינגעל שלעכט און הערט ניט,
קומט דער פּאַ און שלאָגט...

# אוי, צו איז דען פאראן?

אוי, צו איז דען פאראן
א גרעסערער גליק ווי א מאמע צו זיין?

ווען דו ביסט אונטער מיין הארץ נאך געלעגען
כ'האב נאך דיין געשטאַלט ניט געזעהן,
איז שוין דאן א מעכטיגע ברענענדע ליבע
טיף אין מיין הארצען געווען.
און אלע מאל ווען כ'האב דערפיהלט אז עס ווארפט זיך
אונטער מיין הארץ דארט א לעבען,
וואלט איך דאס זיס פארגעניגען, גלויב מיר,
פאר אוצרות אוועק ניט געגעבען.

דאס נייהען די ווינדעלאך קליינע
פאר עפּעס אן אומבאקאנט בריאה'לע
פאר עפּעס אן אומבאקאנט מלאכ'על
וואס וועט פון מיין פלייש זיך אויסשפינען,
אין וועמען מיין בלוט עס וועט רינען...
דאס נייהען די ווינדעלאך קליינע,
אוי, וויפיל הארציגע טרוימעלאך שעהנע
ווערט אין מיין הארץ אויפגעלעבט,
מיט וויפיל הייסינקע טרעהרען און קושען
ז'יעדער ווינדעלע דורכגעוועבט.

דאס טראָגען... דאס האבען...
די וועהען...אוי די ברענענדע וועהען,
זיי קען בלויז א מאמע, א מאמע פארשטעהן...
די ליידען זיי זיינען די שווערסטע און גרעסטע
דאס בלוט וואס עס קאָסט דאן, עס איז דאך דאס בעסטע,
מען גיט דאך אוועק דאן א שטיק פון דעם לעבען
נאָר ווי גרויס און ווי זיס און ווי טייער איז די פרייד
וואס מען טוט זיך אליין פאר דעם געבען...

אוי, צו איז דען פאראן
א גרעסערער גליק ווי א מאמע צו זיין?

# א ראָסעלע

א ראָסעלע מיט ברוינינקע קארטאָפּעלאך
קאָכט מאמע אפּ אצינד,
און דאס גוט באַ'טעמ'טע ראָסעלע
איז פאר דיין פּאַפּאַ'ן, קינד.
מאמע וועט דאס ראָסעלע
גוט און ברוין איינסמאַזשען
און דערנאך וועט מאַמאלע
א קאשקעלע אויספּראַזשען.
א צימעסעל פון פלוימעלאך
וועט מאמע אויך צושטעלען,
וועסט שוין זעהן מיין ליבענקער
ווי פּאַפּאַלע וועט קוועלען.
ס'איז דאך עפּעס זונטאג היינט
און ר'איז אויסגערוהט,
דארף זיין אָרים קישקעלע
עסען, עסען גוט...
אין די וואָכענדיגע טעג
טריקענט אָפּט דאס איין,
ס'איז צופרידען מיט אלצדינג
וואס מען שטופּט אריין...
אבער ס'דארף דערקוויקען זיך
אין דעם זונטאג דאך,
וועט דאס האבען כח גענוג
פאר א נייער וואָך.

## דערצעהל איך

דערצעהל איך ווען דיין פּאַפּאַלען
אז איך ארבייט שווער,
צושמייכעלט זיך זיין פנים,
כ'זעה ער גלויבט ניט זעהר

זאגט צו מיר דיין פּאַפּעלע
וואס האסטו געטאן? ...
האט מסתמה א גאנצען טאג
געשפּילט זיך מיט דיין זוהן.
אוי, נאַריש, נאַריש פּאַפּאַלע,
וואס זאל איך נעהמען טענ'ען,
ווען דו וואלסט א מאָ געווען
וואלסט אנדערש גאר פארשטאנען.

וואלסט געזעהן ס'איז ניט אזוי
גרינג אזוי ווי ס'דאכט זיך,
ס'וואלט זיך פון דער ארבייט דיר
דעמאָלט ניט געלאכט זיך...

## ביי דער האנד

פיהר איך דיך קינד ביי דער האנד
מאכסטו גאנץ זיכערע שריט,
צו ווערסטו דען שטענדיג מיין קינד
נאכגעהן דיין מאמאלע'ס טריט?
עס שרעקט מיך מיין קינד אז דו ווערסט
אין דעם לויף פון די יאהרען און טעג,
פארגעסען דער מאמאלע'ס טריט,
פארגעסען דער מאמאלע'ס וועג...
ס'וועט דיך אין דער גרויסער וועלט
פארטראגען א בייזינקער ווינד,
נאָר נאכגעהן וועט שטענדיג מיט דיר
דיין מאמאשע'ס ברכה, מיין קינד...

# אז דער פּאַפּאַ שלאָגט

אז דער פּאפּא שלאָגט
שלאָגט ער שטארק און גוט,
ס'האט דאס אינגעל איהם
נישט געקאָסט קיין בלוט...

שלאָגט ער ווי ער טרעפט
און מיט יעדען קלאַפּ
טוט ער פון מיין הארץ
הייסע בלוט א צאפּ...

אבער, מזיק דו,
ווערטה ביזטו דאס זעהר,
און וויפיל פּעטש ער גיט
דארף ער געבען מעהר.
עס זאל זיין געבענשט
פּאַפּאַ'ס מויל וואס שרייט,
ר'וויל דאס אינגעל זאל
אויסוואקסען א לייט...
עס זאל זיין געבענשט
פּאַפּאַ'ס גוטע האנד
ר'וויל אין אינגעל זיינם
איינפלאַנצען פארשטאנד...

אבער יעדער פּאַטש,
אבער יעדער קלאַפּ,
טוט פון הארצען מיינם
הייסע בלוט א צאַפּ.

# ברעקעלאך

וועסטו אלע ברעקעלאך
אויפעסען מיין קינד,
וועסטו ווערען פעט און שטארק
וועסטו זיין געזונד.
יעדעם קליינע ברעקעלע
טייער איז ווי גאָלד,
זאלסט די קליינע ברעקעלאך
קינד מיינס האבען האָלד.
ברעקעלאך, אוי ברעקעלאך,
צושאָטענע פון ברויט,
ווארפט מען אייך פון שטוב ארויס
קען מען ליידען נויט. (*
אין מיסט ארייַנצואווארפען אייך
איז א גרויסע זינד,
עס זשע יעדע ברעקעלע
שלינג זיי איין מיין קינד.
פאר די קליינע ברעקעלאך
ארבייט פאָפּאָ שווער,
אין איעדען ברעקעלע
איז פאראן זיין טרער.
כ׳זע די קליינע ברעקעלאך
צוקרישעלטע פון ברויט,
אָפּט פון פאָפּאָ׳ס שוויים געווייקט
אָפּט פון בלוט זיינס רויט...
עס זשע אויף די ברעקעלאך,
עס זשע אויף מיין קינד,
ווייל אין מיסט צו ווארפען זיי
איז א גרויסע זינד...

---

*) אן אלטער פאָלקס אבערגלויבען.

# שלימאַזעלע, שלימאַזעלע...

שלימאַזעלע, שלימאַזעלע,
צו וואס ביזטו געקומען?...
צו וואס האסטו א מאמע'ס הארץ
מוטשען איצט גענומען.

פיער וואכען איז מיין זוהנעלע
אין שפּיטאל געלעגען,
פיער וואכען האט מיין הארץ געברענט,
געבלוטעט און געשוויגען.
נאָר גאנצע טעג און גאנצע נעכט
געבעטען גאט מיט טרערען,
אז ער זאל שוין מיין אינגעלע
מיין שעהנינקען אומקעהרען.
די שלעכטע קריינק דיפטעריע
ז'אין העלזעלע פארקראָכען,
און ווי מיט שארפע מעסערלאך
דאס העלזעלע געשטאָכען...
ס'האבען בייזע פליגעלאך
דאס העלזעלע צוביסען,
און ס'האט אויך דאן דער מאמע'ס הארץ
אויף שטיקער זיך צוריסען.
פיער וואכען בין איך טאג נאך טאג
ביים פענסטער אפּגעשטאנען
געקוקט צום ווייסען בעטעלע
וואו ס'איז מיין קינד פאראנען.
געהערט זיין ביטערען געשריי,
געהערט זיין שוואַך גענויין,
געהערט זיין בעטען זיך מיט וועה,
—מאמי נעמי היים...
איך האב געפיהלט ביים פענסטער דארט
עס רייסט זיך אָפּ מיין הארץ,
און גלייך די גאנצע וועלט ווערט מיר
פינסטער וויסט און שווארץ.

און וואס א מאמע׳ס הארץ עס פיהלט
אויסדריקען בין איך שוואך,
און זיינען דען די ווערטער דאָ
אין דעם מענשענ׳ס שפראך?
כ׳האב מיין קינד געזונד און שטארק
פון שפיטאל אהיים געבראכט,
האט די גוטע גאָלדענע זון
ווידער אין מיין שטוב געלאכט,
ווידער האט א וועלט מיט פרייד
אין מיין שטוב צוגאסען זיך.

— — — — — — — — — — — —

אבער שלים שלימאַזעלע
ס׳האט ווייזט אויס פארדראסען דיך...
זיצט מיין אינגעל אויף זיין שטול,
לאכט און שפילט זיך, לאכט און זינגט,
און אין יעדען ווינקעל קלינגט
און דער מאמע׳ס הארץ איז פול...
שפילערייען האט ער פיל
פאלט איין שפילעכעל אראפ
וויל ער געבען שנעל א כאפ
ליגט ער באלד שוין אויף דער דיל...
טרעפט דאס קעפעל אָן דער שוועל
ווערט דארט באלד א טיפער שניט
און עס רינט דאס רויטע בלוט
לויפט מען נאך א דאקטאר שנעל.
קומט דער דאקטאר באלד אין הויז
און פארנייהט די טיפע וואונד
און פארשמירט זי און פארבינדט
נעמט א פרייז און לויפט ארויס...
און איך זיץ און קלאָג און וויין
ווי דאס קעפעל פון מיין קינד
בלוטעט אויך מיין הארץ אצינד,
אָ, ווי שווער איז צוצוזעהן.

שלימאַזעלע, שלימאַזעלע,
פארנעם א מאַמע׳ס טרערען,
זאלסט שוין צו מיין אינגעלע
זיך קיינמאל ניט אומקערען.

דאס קעפעלע איז שוין פארהיילט
נאָר בלויז א צייכען זעהט זיך,
מיין אינגעל לויפט שוין אום אין שטוב
שפילט זיך שוין און פרעהט זיך.
איז אבער שלעכט שלימאַזעלע
און גלייכט טאָן אויף להכעיס,
איז דאס געקומען נאך אמאל
צושטערען מאַמע׳ס נחת.
ס׳איז געווען א שלעכטער טאג,
ארבייט האב איך ג׳האט א סך,
וואַשען, פרעסען, טאָן אין שטוב
און געפיהלט האב איך זיך שוואך.
אויפגעשטאַנען איז דער יונג
גראָד דאן אויף דער לינקער זייט,
וואס איך גיב איהם איז דאס שלעכט,
נאָר עס טשעפעט זיך און שרייט.
איך מיט גוטען רייד צו איהם,
בעט מיט טרערען, לאָז מיך טאָן,
ער דאקוטשעט מעהר און מעהר
ביז עס צינט מיין כעס זיך אָן.
וואס איז מאַמעניו, א הונד,
ווילסט ניט רוהען קיין מינוט,
און איך כאַפ איהם און איך פאטש
און דאס פאטשען קאסט מיך בלוט.
אָנגעפאטשט און אויסגעוויינט זיך
ווערט ער שוין אביסעל שטיל,
לאָזט א ווײַלע מיך צורוה שוין
לויפט און שפילט זיך אויף דעם דיל.

שטעה איך שוין און טו מיין ארבייט,
וואַש און רייב די העמדלאך קליינע,
וואס מיין אינגעל האט געטראגען
אויף זיין לייבעלע דאס שעהנע.
וואַש און רייב, און אין מיין הארצען
טוט חרטה נאַגען,
צו וואס האב איך דאס לעמעלע
ס'אומשולדיגע געשלאַגען? ...
פלוצים זעה איך אויף דעם אויוועו
קאָכט די שיסעל וואסער אויף,
נעם איך זי אראפּ פון אויוועו
שטעל זי אויף א שטול ארויף,
און ס'געדויערט ניט קיין רגע
כ'גיב מיין קאפּ א קליינעם דרעה,
הער איך שוין מיין ווילדער אינגעל
טוט א ביטערען געשריי.
און די הייס געקאָכטע וואסער
און די אָנגעגליהטע שיסעל
האט דעם קליינעם ווילדען אינגעל
אָפּגעברענט דאס טייער פיסעל.
קומט דער דאקטאר שוין איצט ווידער
שמירט און בינדט דעם אינגעל'ס וואונדען,
שרייט דאס קינד מיינס, וויינט און קלאָגט זיך
און פארביטערט מאמע'ס שטונדען.
זיצט די מאמע וויינט און יאָמערט
קוקענדיג צום קראנקען פיסעל,
און מען קען מיט מאמע'ס טרערען
אָנפילען די שלעכטע שיסעל.

שלימאַזעלע, שלימאַזעלע,
פארגעה אין וועלדער וויסטע,
פארשאַף שוין ניט א מאַמע'ס הארץ
קיין קריינקונגען אומזיסטע ...

# שלאָף מיין טייער אינגעלע

שלאָף מיין טייער אינגעלע,
די אויגעלאך פארשלים,
שלאפען איז, מיין ליבער,
אזוי, אזוי שטארק זים.

אין א שטויביגען פאבריק
ארבייט פאפא שווער,
פאלט אפט אין דעם שטויב אריין
זיינ׳ס א הייסע טרער.
ווערט זיין הארץ אמאל פארקלעמט
אזש צו פלאצען גרייט,
דערמאָנט ער זיך אָן אינגעלע
און דער ווערה פארגעהט.
שלאָף מיין טייער אינגעלע, א. אז. וו.

זוהנעלע מיר לעבען איצט
אין א וועלט א שלעכטער,
איינער איז א גאנצער האר
דער צווייטער א פארקנעכטער.
איינער ארבייט מיט׳ן שוויים
פאר דעם בלויזען ביסען,
דער אנדערער די גאנצע פרייד
פון לעבען טוט געניסען.
שלאָף מיין טייער אינגעלע, א. אז. וו.

ווען דו וועסט אויסוואקסען, קינד,
אין די אויערן וועט דיר קלינגען
אלע שעהנע לידעלאך
וואס מאמע האט געזונגען.
ס׳וועט דיין גוטע ריינע הארץ
דעמאָלט ערשט דערפיהלען
מאמע׳ס טיף פארבארגטע לייד
מאמע׳ס צער דעם שטילען.
שלאָף מיין טייער אינגעלע, א. אז. וו.

# דער מאַשין

דעם קאַלטען מאשין—אויסגעגאָסען פון שטאָל
באגיסט דארט דיין פּאַפּאַ מיט טרערען אָפטמאָל.
ר'באנעצט איהם מיט טראָפּען פון בלוטיגען שוויים,
אז ס'דאכט זיך דער קאלטער מאשין ווערט אויך הייס.
עס לויפען די רעדער באשמירטע מיט אויל,
עס קריכען די טעג אזוי לאנג, אזוי פויל.
ער ארבייט—און ס'הארץ איז אזוי פול מיט לייד,
אז יעדער פארגעהענדער טאג איז א פרייד.
גנב'עט אמאל זיך זיין בליק דארט ארויס,
איהם ביינקט זיך, איהם ווילט זיך א שטראל אין פּאַראויס—
טוט איהם א רעדעל זיין פינגער א דרעה
און ר'צאהלט פאר דער פרייער מינוט מיט א וועה...
מאכט זיך אז ס'איז אין זיין הארצען ניט טריב,
טראכט ער פון וועמען ער האט אזוי ליב.
דערזעהט ער באלד אויגען וואס ווארפען מיט סם
און עס צינד דער מאשין אין זיין הארץ אָן א פלאַם.
זיין יוגענט! ס'האט דער מאשין זי געררויבט,
דאס הארץ זיינס! ס'האט דער מאשין דאס פארטויבט,
די טרוימען! ס'האט דער מאשין זיי צעפליקט,
די פריידען! ס'האט דער מאשין זיי צעדריקט...

# מזל...

וואס איז אונזער מזל
אזוי ביטער שווער?
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
ניין, עס גלויבט אין מזל
ניט דיין מאַמע מעהר.

אין די הענד פון מענשען
ליגט דאס מזל איצט,
בייזע שלעכטע מענשען
האבען דאס פארנוצט.

זיי האבען פון מזל
א גאָלד־שטיק אויסגעשמידט
און געקויפט דעם גאָרטען
וואו דאס גליק זייערם בליהט...

זיי האבען מיט גבורה
פארכאפט די גאנצע וועלט,
די פריידען און די בלומען
און וואס נאָר זיי געפעלט...

מיר, מיין אָרים קינד מיינס,
האבען דערנער בלויז.
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
אָ, נים וויין מיין ליבער,
דו ביזט דאך מיין רויז...

## אין די לאנגע נעכט

אין די לאנגע נעכט
טראכט איך אזויפיל,
איז אין לעבען אונזערם
דען פאראן א ציעל? ...

מ׳ארבייט לאנג און שווער
מ׳גיט אוועק געזונד,
און די שווערע מיה
געהט אוועק מיט ווינד.
מ׳גיט אוועק דאס הארץ,
מ׳גיט אוועק דעם מח,
און עס געהט אוועק
אלעס ווי מיט רויך.

אין די שווארצע נעכט
טראכט איך אָהן א שיעור,
—וועט דאס לעבען ווען
געבען עפּעס מיר?
אָרימקייט און נויט
גרויע, שווארצע טעג,
געהן אימער נאך
אויף מיין שווערען וועג...

ערגערניש און פּיין,
ביטערניש אָהן צאָל,
וועט אין לעבען דען
בעסערם זיין אמאל?
קוק איך דאן צום קינד,
קוק איך און איך טראכט,
ס׳אומשולדיגע נפשל
צו וואס האב איך געבראכט? ...

צו א וועלט מיט שמערץ,
צו א וועלט מיט פיין,
פאר א ווימטער מאכט
בלויז א שקלאַף צו זיין...

פלוצים אין דער נאכט
אויף דעם הימעל וואו,
גלאַנצט א שטערען אויף
אין זיין הויכער רוה.
טוט א וואַרף א ליכט,
טוט א וואַרף א שיין,
—עס וועט פאר דיין קינד
בעסערם אמאל זיין.

און די האָפנונג קומט
און זי וויגט מיך איין
און פלוצים אויף מיין קינד
זעה איך אויך א שיין.
און די שיין זי ווינקט
רעדט צו מיר און לאכט,
ער וועט העלפען אויך
ברעכען יענע מאכט...

— — — — — — — — — —

און איך שלאָף דאן איין
אין א זיסען שלאָף,
און איך טרוים פון גליק,
טרוים גאָר אָהן א סוף.

# ארבייטען איז זיס

ארבייטען איז גוט,
ארבייטען איז זיס,
ארבייטען, מיין קינד, דארף א יעדער דאך;
אבער אז די לוין
איז אזוי שטארק קליין,
איז די ארבייט דאן ווי א שווערער יאָך...

ארבייטען איז גוט,
ארבייטען איז זיס,
עפּעס פיהלסטו, גיסט דער וועלט צושטייער,
אבער ווען דיין ברויט
איז אין בלוט געווייקט,
צינט פון האַס זיך אָן אין דיין הארץ א פייער.

ארבייטען איז גוט,
ארבייטען איז זיס,
עפּעס פיהלוסטו זיך ווי א גאט וואס שאַפט;
אבער ווען דו ווערסט
ווי אן אָטאָמאַט
פיהלסטו דעמאָלט זיך קליינליך און פארשקלאַפט.

ארבייטען איז גוט,
ארבייטען איז זיס,
ווען דו קריגסט די טייל וואס דו האסט פארדינט;
אבער ווען דיין שוויים
געהט פאר פרעמדע גאר,
ז׳גלייך דו רייסט דיין פלייש און דו ווארפסט פאר הינט.

# אויף א קבר

צווישען קברים יונגע פרישע
עלענד זיצען מיר מיין קינד,
אונזער פאָטער אונזער טרייער
האט געריבט א בייזער ווינד...

נו זאל שטורמען ארום אונז,
זאל דער הימעל גיסען טרערען,
אונזער אומגליק, אונזער טרויער
ווער וועט איצט דען וועלען הערען?...

עלענד זיינען מיר פארבליבען
אין דעם לעבען אין דעם ווייטען...
אונזער פאטער אונזער טרייער
וועט אונז פעהלען אלע צייטען...

## מיין וואונש

(געווידמעט מיין עטלען)

וויש אוים דיין הייסע טרער אצינד
מיין הארציגע געליבטע...
א נייער יאהר קומט אָן צו אונז
און זיי ניט א פארטריבטע...
א נייער יאהר,—דאס זעקסטע יאהר
אין אונזער וועג דעם לאנגען
און זאל שוין גאט ערפילען איצט
די הערצליכע פארלאנגען...
צופיל געליטען האבען מיר שוין
אין אונזער יונגען לעבען,
זאל דאס נייע יאהר פון איצט
געזונד און גליק אונז געבען...
נאָך א וואונש,—מיין לעצטער וואונש,—
אָ גאט! איך בעט מיט טרערען—
ס'זאל קיינמאָל ניט דער ליבעס-בונד
ביי אונז צוריסען ווערען...

סעפט. 18, 1914.

## לאנגזאם און טרויעריג

לאנגזאם און טרויעריג
ציהט זיך די נאכט,
איך זיץ א פארטרויערטער
איינזאם פארטראכט...
דאס לעמפעלע צאנקט
און ס׳טוט אזוי באנג
עס צאנקט אויך אין הארצען
א הייסער פארלאנג...
ווי וואלט איך אצינד
אין די שטילינקע שטונדען,
צום הארצען געדריקט זי,
צום הארץ מיט די וואונדען...
איך וואלט איהר מיין הארצליכע
בענקשאפט פארצעהלט
און ס׳וואלט זיך מיין וועהטאג
מיין טיפער פארהיילט...

לאנגזאם און טרויעריג
ציהט זיך די נאכט,
ס׳קען זיין מיין געליבטע
זיצט אויך איצט פארשמאכט
און שטרעקט אויס די הענד
ווי א בעטענדיג קינד,
און ס׳מישען די זיפצען
זיך אויס מיט׳ן ווינד...
און קען זיין עס רייסט זיך
ביי איהר אויך א טרער
פון א פארשטיקטען
און יונגען באגער,
נור קיינער פארשטעהט ניט
און קיינער אונז הערט,
און ס׳ווערען צוויי הערצער
צוויי יונגע פארצעהרט...

## עס פרעגט מיך מיין שוועסטער

און ס׳פרעגט מיך מיין שוועסטער, — אָ זאג מיך איך בעט דיך
כ׳בין יונג, פול מיט לוסט צו דעם לעבען,
עס זיינען דאך טויזענדער וועגען פאראנען
און וועלכער וועט גליק מיר דען געבען? ...

זאל איך אויסוועהלען—וואס הייסען די גוטע
וואס זיינען פארהייליגט, ערהאבען,
זיי פירען צו ווייטע פארוואָרפענע וועלטען
און ס׳קען איינזאם מיין הארץ דאך ניט בלייבען...

זאל איך אויסוועהלען — וואס הייסען די שלעכטע,
וואס ווארפען פאר׳כישופ׳ט מיט פונקען,
די אלע וואס שטעלען א יונג הארץ צופרידען;
עס שרייט דער געוויסען — געזונקען...

און ס׳פרעגט מיך מיין שוועסטער, אָ זאָג מיר איך בעט דיר
כ׳בין יונג און וויל דאָך געניסען,
וואו וועל איך געפינען דעם גליקליכען פרידען
דעם פרידען פון הארץ און געוויסען? ...

און ס׳רייסט זיך ניט ווילענדיג ענטפער, מיין שוועסטער,
וואו ס׳זאלען די וועגען דיך פיהרען—
צווישען די שטראָמען פון רוישיגען לעבען
איינם וועסטו מוזען פארלירען...

## שווארצע אויגען

ליב זענט איהר מיר שווארצע אויגען,
וועלטען טיפע און פארקלערטע,
איהר דערמאָנט מיר פיל חלומות,
לאנג פארשוואונדענע, צושטערטע.
ליב זענט איהר מיר שווארצע אויגען,
גיפט און לעבען אין אייך פליסען,
צייטענס סמ׳ט איהר מיין נשמה
און אמאָל טוט איהר פארזיסען...

## מיין צווייפעל

איך גיב זיך אָפט א ריס דאס פלייש
אז בלוט זאל געהן,
ז׳נאך רויטע בלוט פאראן אין מיר?
דאס וויל איך זעהן...
איך לייג אָפט צו די האנד צום הארץ
און כ׳הער זיך צו,
דאס אלטע שטורעמדיגע הארץ
צו קלאַפט עס וואו?

צו וועל איך נאך קריגען דעם גלויבען צוריק,
דעם גאָלדענעם זוניגען גלויבען?
וואס פלעגט פון דער ערד, פון דער פינסטערער, מיך
צו ליכטיגע הימלען אויפהויבען...
צו וועל איך נאך קריגען די מעכטיגע פליגעל,
די ווייסינקע פליגעל די ריינע?
מיט וועלכע עס פלעגט מיין נשמה פארפליהען
צו גליקליכע וועלטען און שעהנע...

## א שטילע נאַכט

א שטילע נאכט, א קלאָרע נאכט,
א הימעל פול מיט שטערען,
איך זיץ מיט איהר, זי זיצט פארטראכט,
און ס'רינען א פאאר טרערען...
א שטילע נאכט, א קלאָרע נאכט,
מיין ליבסטע נעבען מיר,
איך זיץ מיט איהר, זי שמייכעלט לייכט
פון טרויער שוין קיין שפור...
א שטילע נאכט, א קלאָרע נאכט,
איך זיץ מיט איהר א טריבער,
מיין ליבסטע שיינט, און מיר עס נאָגט
די נאכט וועט באלד פאָראיבער.

## גלויב מיר

גלויב מיר, ס'וועלען קומען צייטען
וועסט דעם יוגענד חלום זוכען...
און דעם טאָג וואס האט פארלאזט איהם
וועסטו דאן פארצווייפעלט פלוכען...
גלויב מיר, ס'וועלען קומען צייטען
וועסט די שטילע נעכט געדענקען,
מיט א טיפען וועה אין הארצען
וועסטו נאך זיי בענקען, בענקען...
גלויב מיר, ס'וועלען קומען צייטען
דיינע בלומען וועלען וויאַלען,
ברענען וועט דיר א חרטה,
נור עס וועט שוין זיין פארפאלען.

## צו שפּעט

ווען פול איז מיין בעכער פון יוגענד געווען
מיט ליכטיגע טרוימען...
האָסטו אָפּגעקערט...

ווען כ׳פלעג דיר מיין סוד אין זומערנעכט שטילע
אין אויער אריינרוימען...
האסטו ניט געהערט...

און פלעג איך מיין שטילען פארלאנג דיר פארטרויען
מיט בלוטיגע טרערען...
האסטו אויסגעלאַכט...

און האב איך געוואלט דיך צום הארצען צוציהען
זאלסט מיינע שוין ווערען...
האָסטו מיך געוואכט...

און ווען ס׳איז מיין פרילינג אין גאנצען פאַראיבער
מיט זיינע פיל בליהענדע בלומען...
געווען ביזטו דאַן נאך זעהר ווייט...

און ווען ס׳האט די בענקשאַפט מיין ברוסט שוין צוריסען
דאַן ביזטו צו מיר שוין געקומען...
צו שפּעט איז שוין אבער די צייט...

## איך בין ווי א קינד

איך בין ווי א קינד וואס דארף א גוט וואָרט,
א צערטעל, א קוש און א שפיל;
דיין וואַרימע ברוסט זאל צוטוליען מיין קאָפּ
און זינגען זאָלסט לידעלאך פיל...

כ׳בין ווי א קינד וואס אָפּטמאָל כ׳בין ווערט
אָנשמייסען מען זאָל מיך גאנץ גוט,
דאן דארפסטו רחמנות ניט האבען אויף מיר
און שמייסען און שמייסען ביז בלוט...

## ביים קוואַל

כ׳בין צום קוואַל דאָן צוגעפאלען
און מיט ווילדען דאָרשט געשלונגען,
ניט געהערט אז טיף פארבארגען
האט א שטים צו מיר געקלונגען:
„שטעה... ווארט אוים! ביזט יונג, נאך יונג,
און דאָ פליסט גיפט...“ נור אָ, פארדאמט!
כ׳בין טויב געווען פאר יענער שטים
און כ׳האב מיין יונגעם הארץ פאר׳סמ׳ט...

## קענסטו ניט...

קענסטו ניט צוריק ברייננגען מיין יוגענד,
קענסטו ניט צוריק ברייננגען מיין פרייד,
בריינג צוריק מיין קינדיש ווייסען טרויער,
בריינג זשע מיר מיין קינדיש זיסע לייד...
קענסטו ניט צוריק ברייננגען די בלומען,
קענסטו ניט צוריק ברייננגען מיין גליק,
בריינג זשע מיר די ריינע זילבער טרערען
וואס איך האב פארגאָסען לאנג צוריק...

# געליבטע

געה אוועק פון מיר, אוועק פון מיר,
איך צו געבען האב דאך גארנישט דיר...

וועלען וועסט געליבטע
לעבען גוט און שעהן,
זיינען די פארדינסטען
מיינע אזוי קליין...
וועלען וועסט געליבטע
שטענדיג פרעהלאך זיין,
וועט די נויט די גרויסע
ברענגען דיר א פיין...
וועלען וועסט געליבטע
בליהען ווי אצינד,
אבער וועסט אין לעבען
אַפּוועלקען געשווינד...

געה אוועק פון מיר, אוועק פון מיר,
איך צו געבען האב דאך גארנישט דיר...

וועסט מיין היים געפינען
אויף א ווייטער גאַס,
שטיבעלאך צוויי קליינע
אַפּטמאָל קאַלט און נאַס...
און דיך צו עמפּפאַנגען
האב איך גאָר ניט גרייט,
אין א יעדען ווינקעל
לויערט בלויז די נויט...
לידער נאָר פארמאָג איך,
שטיקער פון מיין הארץ,
זיינען זיי ווי ס׳לעבען,
טרויעריג און שוואַרץ...

געה אוועק פון מיר, אוועק פון מיר,
איך צו געבען האב דאך גארנישט דיר...

ווען איך וועל אהיים קומען
פון דעם יאָך דעם שווערען,
וועל איך אין די שטיבעלאך
טרעפען דיינע טרערען...
פריידען אין דעם גרויען לעבען
איז דאָך דאָ זעהר זעלטען,
וועלען מיר אָפט אונזער ליבע
ביידע דאן פארשעלטען...
ערגעץ וועט דיין יונגע זעעלע
וועהמוטיג זיך רייסען,
ווערסט מיך דאַן נאך קאָן זיין ליבען
אבער אויך פארהאסען...

געה אוועק פון מיר, אוועק פון מיר,
איך צו געבען האב דאך גארנישט דיר...

וועט די צייט זיך ציהען
ווערסט א קינד מיר האבען,
וועט דאס ווי אן אוצר זיין
אין דער ערד באגראָבען...
וועל איך קענען צוזעהן
ווי מיין פלייש און בלוט
לעבט דאס זעלבע לעבען,
פיהלט דעם זעלבען רוט?...
וועל איך דען מיין קינד דאַן
קענען עפּעס געבען,
אז עס זאל די נויטען
אויסמיידען אין לעבען?...

געה אוועק פון מיר, אוועק פון מיר,
איך צו געבען האב דאך גארנישט דיר...

# פאר פרויען רעכט

שלאָף מיין קינד, מיין ליבע טאכטער,
מאך די אויגלאך צו,
אין מיין שווערען לעבען איצטער
די איינע טרייסט ביזטו.

ס'איז דיין מאמעס וועלט פארגאנגען
טרויעריג און גרוי,
נישט געטאָרט דעם קאָפּ אויפהויבען,
ווייל זי איז א פרוי.

שלאָף זשע קינד מיינס, טאָכטער טייערע,
רוהיג זיי און גוט;
ס'זאל דער גרויסער גאט דיר געבען
ענערגיע און מוט.
ווייל צו קעמפען האט דיין מאמע
נישט געהאט קיין קראַפט,
טראָגט זי שטיל אין זיך די ליידען
שטענדיג נאָר פארשקלאַפט...

שלאָף זשע קינד מיינס, טאָכטער זיסע,
שלאָף מיין טרייסט און פרייד,
ווען דו וועסט אויסוואקסען וועסטו
דאן פארשטעהן מיין לייד.
וועסט פארשטעהן — צו זיין א שקלאַפין
איז דאָך ביטער שלעכט,
וועסטו אויך דאן קאמף ערקלערען
קאַמף פאר פרויען רעכט.

שלאָף זשע ליבע טאכטער מיינע,
שלאָף מיין איינציג קינד,
פילע קלוגע שטאָלצע שוועסטער
קעמפען שוין אצינד.
פאר א שעהנעם פרייעס לעבען
מיטקעמפען וועסטו,
שלאָף זשע, טייערע האָפנונג מיינע,
מאַך די אויגלאך צו...

## ווי א שטורעם ווינט
(אויס דעם רוסישען)

ווי א שטורעם ווינט א נאַסער
קלאַפּסטו אין די לאַדענס מייטע,
ווי א ווינט א שוואַרצער זינגסטו,
„עפען, עפען מיר מיין קינד.
„איך בין דיין פריינד דער בעסטער
שוין פון לאַנגע, לאַנגע יאהרען
„און איך ליב דיך און פארגעטער,
„עפען, עפען מיר געשווינט...

פעסט פארמאַך איך טיר און לאַדען
און פארשטיינערט איז מיין הארץ,
איך פיהל דארט אז עס וועקט זיך
אי א מורא אי פארלאנג.
כ'פיהל דער לעצטער שטראַל פון ליבע
ווערט פון מיינע הענד פארשטויסען
און עס וועהטאגט מיך מיין יוגענד,
עס שרעקט און עס טוט באנק...
לאכט ער מיט א בייז געלעכטער—
ועסט אין קייטען שטאַרבען קינד,
בעסער רייס זיי, פליק זיי גיכער,
גליק, איז לעבען ווי דער ווינט...

ציטערען די הענד די קאַלטע,
מאַכטלאָז ווערען זיי און שוואַכער,
כ'מוז דעם קאַמף אויפגעבען
מיט א תפילה אין מויל.
גאָט, מיין יוגענט ווערט פארשוואונדען
זונען טעג זיינען זעהר ווייניג
און זיי לויפען באלד פאַראיבער...
עפען איך די טיר מיט גרויל...

## געדענקסטו?

געדענקסטו די יאהרען
פון גאָלדענער קינדהייט,
ווען ס׳האט זיך געלעבט אזוי פרעהליך?
געדענקסטו די טרוימען,
דאס קינדערשע שפּילען —
ביזט דאן דאך געוועזען א מלך...

געדענקסטו, איך בין דאן שוין
געוועזען דיין געליבטע
און האב דיינע קושען עמפּפאַנגען.
מיין הייליגע קינדהייט,
מיין זאָרגלאָזער פרילינג,
ער איז שוין פון אונז ווייט פארגאנגען...

און ס׳בלאַנדזשען די הערצער
פארעלטערט פריהצייטיג,
צום קאַמף איז ניטאָ שוין קיין וואפען—
דער קינדערשער מלך,
די שעהנע פרינצעסין,
זיי זיינען איצט עלענדע שקלאַפען...

* * *

געדענקסטו נאך יענע פארנאכטען, די שטילע,
ווען ס׳האט זיך פון הארצען געריסען א תפילה
אונטער יענעם געדיכטען, באוואקסענעם בוים?
ס׳האבען, מיר דוכט, אויך די פויגעלאך קליינע
געזונגען צו גאָטעניו תפילות פיל ריינע,
אז ער זאל דערלענגערען דעם הארציגען טרוים...

ס׳האבען פיל טרערען ביי אונז דאן גערונען,
מיר האבען נאך דאמאלסט דעם חלום געשפונען;
דעם חלום פון יונגע צוויי ליבענדע קינדער;
און ווען עס פליהט דורך אמאל אין זכרון
דער געטליכער גלאַנץ פון אמאָליגע יאהרען,
ווערט איצטער אין ביטערען לעבען אויך לינדער...

## עלעגיע

איך בין געוועזען יונג
און האב נאַאיוו געגלויבט,
און ס'האט א בייזער ווינד
מיין יונגעס הארץ פארטויבט.

איך האב געזוכט א וועג,
א ריינעם זיסען קוואַל,
צו שטילען מיר מיין דורשט,
און כ'האב געטרונקען גאַל.

איך בין געוועזען יונג,
כ'האב היים און ווילד געגאַרט,
און ס'האט דאס לעבען מיר
מיין מיידעלש הארץ גענאַרט.

איך האב געהאַפּט מיט פרייד,
איך האב געשטרעבט מיט לוסט,
און אלעס איז פארביי,
און ס'איז דאס לעבען פּוסט.

# קום מיין געליבטע

נו קום, מיין געליבטע! עס בליהט שוין דער פרילינג,
עס איז שוין דער אומעט פארגאנגען,—
ווי שעהן די נאַטור איז, ווי קלאָר און ווי ליכטיג,
ווי ס׳הויבט זיך די ברוסט פון פארלאנגען! . . .

נו קום, מיין געליבטע, די זאָרגען פארטרייב איצט,
און וועהטאגט דארט עפּעס פארבאָרגען,
אָ, לאָז עס, באגראָב עס, ס׳איז היינט אזוי פרעכטיג
און ווער ווייסט וואס קומען וועט מאָרגען —

נו קום, מיין געליבטע, איך ווייס אז עס האבען
די שטראַלען דיין הארץ ניט דערוואַרימט,
נור גלויב מיר, מיין טייערע, עס מוזען זיין פריידען
דאָרט, וואו מען געהט נור געאַרעמט —

נו קום, מיין געליבטע, ווי שעהן איז דער וועג איצט,
עס איז פול — פארגעניגענס דאס לעבען,
און וועסטו פון פרילינג ניט נעהמען גענוג,
וועל איך דיר, מיין טייערע, דערגעבען —

## א שווערער נסיון

יא גאט, איך בין מודה, כ'האב צייטענס געצווייפעלט
און אָפט אויך פארגעסען אָן דיר,
ווייל ס'זיינען די טעג פון יוגענד געווען
אשווערער נסיון פאר מיר...

כ'בין יונג נאָך געווען, געגאַרט האב איך לעבען,
די בענקשאפט געווען אזוי גרוים,
ארום איז דער עלענד, די ביטערע נויטען —
זיי האבען געגעבען דעם שטויס...

עס הויבט זיך די ברוסט הויך, עס ציטערט די יוגענד,
וואס טאָן זאל אן אָרימעס קינד?...
פון איין זייט עס יאָמערט מיט טרערען דער דלות,
פון צווייטער — עס שמייכעלט די זינד...

זי מאָלט מיר א לעבען מיט גאָלדענע פאַרבען,
פון זאטקייט, פון לוקסוס און גליק,
און ס'קאָרטשעט דאס הארץ זיך פון וועהטאג און ס'ווייסט נישט,
צי געהן אדער בלייבען צוריק...

יא גאט, איך בין מודה, כ'האב צייטענס געצווייפעלט
און אָפט אויך פארגעסען אָן דיר,
ווייל ס'זיינען די טעג פון מיין יוגענד געווען
א שווערער נסיון פאר מיר...

## מיינע לידער

ס'ווערלען אפשר מענשען
מיינע לידער רייסען,
און מיט קרומע שמייכלען
אפשר פון זיי שפּאַסען...
וועל איך דאן די לידער
טויזענד מאָל זיך לייענען
און מיט שטומען וועהטאג
וועל איך זיך אויסוויינען..

ס'וועלען אפשר מענשען
מיינע לידער לויבען,
אין דעם אמת זייערען
ריין און הייליג גלויבען..
וועל איך דאן די לידער
טויזענד מאל זיך לייענען
און מיט פרייד מיט גרויסער
אויך זיך דאן אויסוויינען..

# קעמף און זיעג

(געווידמעט מיין חבר און פריינד א. ד. גלושאקאוו)

ס'האט דיין הימעל קלאָר געשיינט,
דיין פיהלענד הארץ געהאט האט פריינד,
מען האט פארשטאַנען דיינע לייד
און ס'האט זיך ווער מיט דיר געפרעהט.

נור ביזט אוועק און אלץ פארפלוכט,
אן אנדער גליק האָסטו געזוכט,
א נייע זון, א נייעם שטראַל,
א נייעם ריינעם זיסען קוואַל...

א זיסער טרוים האט דיך פארוועבט,
און האָסט נאַאיוו און ריין געגלויבט,
עס האט באצויבערט דיך א קלאַנג
פון א פאר'כשופ'ט ווייט געזאַנג.

און ס'האָט זיך דיר געמאָלט גאַנץ שאַרף
א שעהנער מלאך מיט איין האַרף,
וואס שפּילט פון פרייהייט און פון רעכט
און פיינט באקומען האסטו קנעכט...

דו האסט פאַרהאַסט דעם ווילדען דריק,
צו פרייהייט האט געבענקט דיין בליק,
און ס'האט דיין הארץ געדורשט נאָך שיין,
און ס'האט געעקעלט דיך דער פיין...

און האָסטו געבלאָנדזשעט נעכט און טעג,
כאָטש שטיינער פיל געווען אין וועג,
און כאָטש געוועהטאגט האט דיין ברוסט,
נאָר פאָרווערטס, פאָרווערטס, אלץ מיט לוסט.

ביז וואַן... דו האסט דיין ציל עררייכט...
אָ פריינד, וואס שטעהסטו איצט פארבלייכט?
וואו איז דיין לעבענספולער בליק?
וואו איז דיין ניי געזוכטעם גליק?...

שטרעקסט פארצווייפעלט די הענד צום רוים
דו זעהסט אז ס'איז געווען א טרוים,
א צויבער שפיל פון שיקזאַל'ס הענד
וואס האט מיין פריינד דיין בליק פארבלענדט.

עלענד ביסטו און פארשמאַכט,
פאר דיר איז פרעמד דער טאג, די נאכט,
בייטאג דו ליידסט פון יאָך דעם שווערען,
ביינאכט עס טריקענען ניט די טרערען.

האסט קיין פריינד ניט צו דערצעהלען,
האסט קיין הארץ ניט וואס זאל היילען
דיינע טיפע שווערע שמערצען,
דו מוזט באגראָבען זיי אין הערצען...

דו מוזט דעם וועהטאג טיף פארדריקען,
דיינע טרערען מוזטו שטיקען,
און ווער פון מענשען וויל דען וויסען
אז א הארץ ווערט יונג צוריסען...

— — — — — — — — — —

נור ווען מינוטען קומען שטילע,
ס'פליהען דורך זכרונות פילע,
און דיין נשמה ווערט פארטראָגען
אַהין, וואו אָפט עס טוט איהר נאָגען—

און דערמאָנסט זיך דאן אין פעלדער,
ליבע בערג און ליבע וועלדער,
איינגעקריצטע אין זכרון
נאָך פון יענע יונגע יאהרען—

ווען געווען איז נאך דער גלויבען
אין די מענשען, אין דאס לעבען,
און די האָפענונג די ריינע
האט געמאָלען דיר בילדער שעהנע—

און דערמאָנסט זיך אָן דיין היימאט,
אין דיין טייערער זיסער היימאט,

וואו פון קינדווייז אָן ערצויגען,
וואו געעפענט האסט די אויגען—

און דערמאָנסט אין יענע טעג זיך
ווען דו האסט נאָך גוט געלעבט זיך,
ניט געוואוסט פון יאָך דעם שווערען,
ניט פון שוואַרצע נעכט מיט טרערען—

און ווען דערמאָנסט זיך אלעס, אלעס,
וואס געווען, און ס'איז פארשוואומען
אין דעם גרויסען ים פון לעבען,
און עס וועט שוין מעהר ניט קומען—

דאַן ווערט נאך טרויעריגער דיין לאַגע
און דו פרעגסט מיט וועה א פראגע:
„אלץ וואס איז געווען פארשוואונדען,
„און די געגענוואַרט ז'מיט וואונדען—

„וואס זשע פאַרט וועט זיין מיין צוקונפט,
„דאס וואס דארף צו מיר ערשט קומען;
„וועט מיין צוקונפט זיין מיט דערנער,
„אדער זאל איך גלויבען, בלומען?"

— — — — — — — — — —

אָט וואס כ'קען מיין פריינד דיר זאגען,
הער אויף, הער אויף אצינד צו קלאָגען,
פאַרצווייפעל נישט, זיי נישט געבויגען,
שטאָלץ און פריי הויב אויף די אויגען—

און דעם לעבענס וועג דעם שווערען
זאָלסטו פריינד, א קריג דערקלערען,
ווי עס זאל ניט זיין דער קריג,
קומען וועט אמאל דער זיג,
אויסקעמפען וועסטו דיין גליק...

געדרוקט אין „אידישען זשורנאל", טאראנטא,
מארטש דעם 14טען, 1917.

# רחל׳ע
(א מלחמה פּאָעמע)

עס וועלען פיעל יאהרען פארשווינדען,
די ראָד פון דער צייט וועט זיך דרעהען,
נור קיין מאל וועט פון מיין זכרון
איהר הייליגע געשטאַלט ניט פארגעהן.
איהר נאָמען געוועזען איז רחל,
די טאָכטער פון רייכען ר׳ שמאי,
די איינציגע פרייד אין דעם לעבען
געוועזען איז זי ביי טאטע-מאמע...
זי האט ווי א רויז אין איהר פרילינג
געבליהט אין דעם קליינינקען ישוב,
און יעדען וואס האט זי געקענט נור,
געפאנגען האט זי ווי מיט כשוף...
איהר פנים די זון איז געוועזען,
די אויגען צוויי ליכטיגע שטראלען,
און גליקליך געוועזען איז א יענער,
אויף וועמען זיי זיינען געפאלען...
איהר שמייכעל האט גלייך ווי א מאַגנעט
די הערצער פון פרעמדע געצויגען
און האט ווי א מלאך א גוטער
דעם שטאַרקסטען כאַראַקטער געבויגען...
א פרומע, א אידישע טאָכטער,
א ריינע און גוטע נשמה,
איז זי ביי די עלטערען איהרע
געוועזען די גרעסטע נחמה.
און ווען זי האט די יאהרען דערגרייכט שוין
ווען נחת וויל זעהן טאטע-מאמע,
א חתן וואס ווערט איז די טאָכטער
געפונען האט דאמאלסט ר׳ שמאי...
און רחל, די כשר׳ע רחל,
האָט פלוצלונג דאן פיהלען גענומען
דאָס שטילינקע ווינטעל פון ליבע

וואס איז ווי פארבאָרגען געקומען...
און האט אין איהר הארצען צובלאָזען
דאס יונגע פארבאָרגענע פייער...
און פרעהליך און גליקליך איז רחל,
איהר חתן איז ליב איהר און טייער...
און יעדער געוואונשען האט גליק איהר,
דאס בעסטע און שעהנסטע פון לעבען,
אז אלעם וואס איהר הארץ פארלאנגט נור
זאָל ווערען ערפילט און געגעבען...
און יעדער געוואלט האט שוין זעהן
ווי רחל אין שלייער געהט געקליידט,
און ס'שפּילען די מוזיק א פרעהליכס,
און ס'שטעטעל דאס גאנצע באגלייט...
אזוי זיינען רוהיג געפלאָסען
די גליקליכע טעג פון איהר יוגענד
אין קליינינקען, שטילינקען שטעדטעל
וו'געבענשט האט מען זיך מיט איהר טוגענד...
און פלוצלונג, א וואָלקען א שווארצער
האט רחל'עס הימעל פארטונקעלט,
און פינסטער און שווארץ איז געווארען
דאס אלעם וואס האט ערשט געפינקעלט...
עס איז א באפעהל אָנגעקומען,
אז יעדער צו'ר שלאַכט מוז זיך גרייטען,
עס האט ניט געהאָלפען קיין וויינען,
און ס'האט ניט געהאָלפען קיין בעטען...
ער, רחל'עס חתן געמוזט האט
זיין הארצענס געליבטע פארלאזען,
און רחל'עס פרייד האט א שטורעם
מיט איין מאָל אין גאנצען צובלאָזען...
דער רייכער ר' שמאי געוואלט האט
צוטיילען דאס גאנצע פארמעגען,
ער איינער אין קליינינקען שטעדטעל,
ער איינער זאל בלייבען כאָטש מעגען.
ס'איז אבער אומזיסט אלץ געוועזען,

און וויפיל ער האט ניט געגעבען,
דאס שטיינערנע הארץ פון דעם הערשער
איז טויב צו זיין בעטען געבליבען...
און ווילד האט מען איהם פון די ארעמס
פון ווייב און פון קינד אויסגעריסען,
און בלוטיגע טרערען פון וועהטאג
אין שטראָמען געטאָן האָבען פליסען...
—געזונד זיי, מיין פרוי, מיין געטרייע,
כ'פארלאָז דיך מיין טאָכטער מיין טייערע,
וועל איך נאָך דערלעבען צו זעהן
די ליכטיגע פנימ'ער אייערע?...
אוןביידע, דעם טאטען און חתן,
האט רחל מיט איינמאָל פארלאָרען,
און טרויעריג, פינסטער דאס לעבען
איז רחל'ען פלוצלונג געווארען...
אן עלענדע פלעגט זי אומבלאָנדזשען,
זיך צייטענס צוואוויינען אזוי ביטער,
און ס'האט ניט געהאָלפען די ווערטער
פון טרייסט, פון איהר צערטליכע מוטער...
אזוי זיינען טעג און מאנאטען
פון דאמאלסט פאָראיבער געפלויגען,
ס'איז פריש נאך געוועזען דער וועהטאג
נאָך נישט אויסגעטריקענט די אויגען...
אבער דאס הארץ איהרם דאס יונגע
פלעגט פאָרט אמאל גלויבען און האָפען,
אז ס'וועט זיך אומקערען דאס גוטע,
נור הערט וואס עס האט זיך געטראָפען:
אמאל אין א נאכט אין א שווארצער,
אין דרויסען געגאָסען א רעגען,
און יעדער אין קלייניקען שטעטעל
אין שלאָף אין א טיפען איז געלעגען.
און רחל, די ליידענדע רחל,
צור מאמען געטוליעט זי געוועזען,
די איינציגע שוץ וואס געבליבען

אין פינסטערען לעבען אין בייזען...
און פּלוצלונג ערוואכט האט איעדער
פון קראַכענדע פייעריגע קוילען,
—דער שונא האט דאס שטעדטעל גענומען
און יעדען גענומען האט גרוילען...
און באלד האט דער שונא אין די הייזער
צולאָזט זיך גאָר אָהן א רחמנות,
ווי ווילדע פארהונגערטע חיות
געזוכט האבען זיי די קרבנות...

— — — — — — — — — — — — —

און רחל, די כשר'ע רחל,
באשלאָסען האט זיך צו דערשטעכען,
און ס'זאל ניט דער אומריינער שונא
איהר הייליגע עהרע פארשוועכען.
און ווען אין דעם קלינינקען שטיבעל
איז איינער אריין עפּעס קריגען,
האט ער אויף דער ערד דארט געטראָפען
צוויי קערפּער צובלוטיגטע ליגען...

* * *

עס וועלען פיל יאהרען פארשווינדען,
די ראָד פון דער צייט וועט זיך דרעהען,
נור קיינמאָל וועט פון מיין זכרון
איהר הייליגע געשטאַלט ניט פארגעהן

# יוספ׳ס גלויבען
(א מתנה מיין פריינד ב. קאהען)

ביי א צאַרטער ליבער מאמען,
ביי א שטרענגען טרייען פאָטער,
אין א ים פון ריינער ליבע,
איז געבוירען און ערצויגען—יוסף.
יוסף האט געהאט דאס מזל
צו געבוירען ביי א טאטען,
וואס איז רייך און לעבט זיך גליקליך
און עס פעלט קיין זאך ניט—יוספ׳ן.
וואס זיין קליינעם יונגעם הערצעל
האט געוואונשען איז געוואָרען,
אָ ווי גליקליך דארפען פיהלען
קינדער ווען זיי לעבען פונקט ווי יוסף.
פון א גאָט וואס הערשט אויף וועלטען
איבער ימ׳ען, בערג און טאָלען,
וואס רעגירט אויך איבער מענשען,
איינגעזאפט האט זיך אין הארצען יוסף.
ווען א יעדען פרייטאג אווענד
פלעגט די מאמע לאזען טרערען,
ווען זי האט די ליכט געצונדען
און געבענשט דעם בורא עולם.
יוסף פלעגט די קליינע פלעמליך
מיט א מורא דאן באטראכטען
און אין קליינעם יונגען הערצעל
פלעגט זיך עפּעס אויך אָנצינדען...

פון די ערשטע טעג פון קינדהייט,
ווען די יונגע ווייכע זעעלע
קען פון יעדען ווינד זיך בויגען,
האט דער טאטע שטרענג געלערענט יוספ׳ן.

שטאַרק זיי! מוטיג, גלויב אז אלעס
איז פון יענער האנד באשאפען,
וואס פארבאָרגען ז'אין די הימלען,
גלויב, און גליקליך וועסטו זיין מיין—יוסף.

יוסף, קינד מיינס, קום אין שול אצינד,
פלעגט איהם אָפּט דער טאטע רופען
און מיט חשק איז געלאָפען
דעם אלמעכטיגען צו דינען—יוסף.

איינגעוויקעלט אין טליתים
שטעהען פילע, פילע מענשען,
מיט א לשון אונפארשטענדליך
ריידען, בעטען זיי צו וועמען.

יוסף הערט און זעהט דאס אלעס,
און די קליינע אויגעלאך בלאַנדזשען
גלייך זיי זוכען וואו באהאלטען
ז'יענער סוד וואס קיינער ווייסט ניט.

אין זיין יונגען הערצעל פיהלט ער
עפּעס ווערט דארטען געבוירען
מיט א שרעק צוזאמען, אבער
קליין און יונג, און עס פארשטעהט ניט—יוסף.

אז געבוירען איז געווארען
יענער גרויסער בונד פון גלויבען,
וואס האלט און שטאַרק דעם מענשען
און זיין גאנצען לעבען.

— — — — — — — — — — —

אָט אזוי איז יוסף'ס קינדהייט
גליקליך, רוהיג זיך געשוואומען,
צו די אלע לעבענס פריידען

איז א גלויבען צוגעקומען,
וועלכער האט די יונגע זעעלע
אויסגעשמידט צום ווייטען לעבען,
צו דעם אלעם וואס זיין מזל
ועט מיט יאהרען שפעטער געבען.
— — — — — — — — — — — —

טעג, חדשים און אויך יאהרען,
זיינען פיל פארבייגעלאָפען,
יוסף בליהט איצט אין זיין יוגענד
כאָטש שוין פילעס האט געטראפען.

אין זיין יונגעס לעבען,
טאטע מאמע לאנג פארלאָרען,
ס'האט א בייזער ווינד געריבט זיי
אין די שעהנסטע, בעסטע יאהרען.

יענער גארטען וואו געבליהט האט
יוסף'ס ריינע יונגע זעעלע,
האבען שווארצע הענד פון טייפלען
ווי פארוואנדעלט אין א העלע.

יענער פרידענספולער לעבען
האט א שטורעם ווילד צובלאָזען,
צוגערויבט פון הארצען אלעס,
נאָר א טיפע וואונד געלאָזען.
און אויך יענער טיפער גלויבען,
וואס האט ווי א ליכט געפינקעלט,
יוספ'ן אין יונגען הארצען,
האט די בייזע צייט פארטונקעלט.
און די נויט האט פון זיין היימאט
מיט גוואלד איהם אפגעריסען,
אין א ווייטען לאנד פארוואָגעלט,
האָט ער אָנגעהויבען וויסען.

אז דער מזל פון זיין קינדהייט
איז אויף אייביג שוין פארגאנגען,
און א שווארצער וויסטער גורל
האט איהם אין זיין נעץ געפאנגען.

און דערזעהן האט פלוצלונג יוסף
גאר אנאנדער, אנדער לעבען,
פאר א יעדען וואונש א קליינעם
מוז מען ס'טייערסטע אוועקגעבען.

און דערוואוסט האט פלוצלונג יוסף
אז פאר פרעמדע מוז מען שקלאַפען,
מיט'ן שוויים און בלוט פון קערפער
מוז מען גליק פאר פרעמדע שאַפען.

האט א שטומער וועה גענומען
יוסף'ן אין הארץ צו נאָגען,
און צו פייניגען זיין זעעלע,
האט ער איהם א צייט געטראגען.

און פארבאָרגען, און באגראָבען,
אז עס זאל ניט וויסען קיינער,
און זיין הארץ געקאַרטשעט האט זיך
אונטער שווערע, שווערע שטיינער...

ביז א צייט איז אָנגעקומען,
יוסף קען שוין מעהר ניט ליידען,
יוסף בליהט אין בעסטער יוגענד,
יוסף וויל אביסעל פריידען...

האט ער זיך גענומען בעטען
אז ער וויל אן אנדער לעבען,
האט מען איהם מיט שפּאָט פארשטויסען
—קיינמאָל וועט מען דיר ניט געבען.

האבען אויפגעקאָכט די בלוטען,
אויפגעברויזט האט זיין נשמה,
און א מוטיגער, א שטאָלצער
ז'ער ארוים אויף א מלחמה...

קעמפען געגען אלע שונאים,
אלע דריקער און טיראנען;
קעמפען פאר א בעסער לעבען,
אז א העלע זון זאל שיינען...

פאר א יעדען, פאר א יעדען,
ס'זאָל ניט זיין קיין שקלאַפען, הערען,
פון דער וועלט דאס גאנצע רייכטום
זאָל דער גאנצער וועלט געהערען...

און א נייער, טיפער גלויבען,
האט זיין הארץ ארומגענומען,
אז א צייט פון ליכט און פרייהייט,
אויף דער וועלט וועט מוזען קומען.

גרויס און הייליג ז'יוספ'ס גלויבען
און ער קעמפט מיט לוסט און טרייהייט,
פאר'ן אמת, פאר דער צוקונפט,
פאר דער וועלט פון גליק און פרייהייט...

געדרוקט אין „אידישער זשורנאל", טאראנטא
יולי דעם 17טען, 1917.

## צוויי וואַנדערער

(פריי איבערזעצט פון סערגעי מאקאווסקי)

ווער איז ער? אָ זאג מיר וואנדערער, ווער איז ער?
איך האב איהם פילע מאָל ביים ברעג פון ווייטענס
געזעהן תפלה טאָן — פארטיפט אין שטילען דענקען,
האט ער געבענשט די נאכט, ניט מערקענדיג אונז צייטענס.

די ווערטער זיינע געווען זיינען ערשטוינענד,
אין זיין געזאנג האט קלאָר גערעדט א וואונד,
זיין מידער בליק געצערטעלט האט און אויך געשראָקען
געווען מיט ליבע פול, געהיימנים און זינד...

ווער איז ער? וואס חלום'ט ער אין דער שטיל?
צו וועלכע רוימען שטרעבט ער און פון וואנען?
כ'האב יעדען מענש געפרעגט, געענטפערט האט מען מיר
—ער איז א הימעל מענש, פילע איז ניט פאראנען...

דורך זיינע ליפען רעדט די געטליכקייט אליין,
דו געה און בעט ביי איהם, ער וועט דיין הארץ פארוויגען
מיט הימלישע געזאנגען וועט ער דיין וועהטאג שטילען
און ס'וועט די ליידען דיינע א שעהנער טרוים באזיגען.

—ער איז אן אפּפער פון דעם מענשענ'ס האס
האבען אנדערע געזאגט, פון מענשענ'ס קנאה אומגעטריבען,
דו געה צו איהם, פארשטעה זיין ביטער הארץ
און זיי א טרייסט צו איהם אין לעבען אין זיין טריבען...

איך האב געלאָזט זיך געהן צו איהם גאנץ מונטער
צו עפענען מיין הארץ פאר איהם און כ'זאל
דעם טרויער פון זיין עלענדער נשמה
אויסטרינקען ווי מען טרינקט א כוס מיט גאַל...
נור עמיץ האט א זאג געטאן:—אָ ניין, דו גלויב איהם ניט,
זיין הייליגקייט איז פאלש, א לינגנער איז ער א פארפלעקטער.

אַ וואַנדערער, די מענשן האבען רעכט, דער ליידענדער אַט דארט
ער איז פון שיקזאל א געשטראָפטער—ער איז א דיכטער...

דו געה צו איהם, ער שענקט אוועק זיין זעל
צו שאטענס דונקעלע וואס שפינען איהם ארום,
ער איז דער וואס דינט אן אומבאוואוסטען גאט
און דער געהיימער גאט ווייסט קיינמאל ניט פון איהם...

דו געה צו איהם, ביי זיינע גייסטער בעט
און אויב ווי ער אויך דו
ביזט פרעמד צום ערד'ן גלוסט,
ליידסט און ביינקסט נאך גאר אן אנדער וועלט,
דאן זאפּ זיך אָן מיט לייד
אין זיי, קאן זיין, געפינען וועסט דיין רוה...

נור אויב דו האסט א דאָרשט נאך לעבען,
נאך קאמף, נאך זיג, נאך הייסעם שטרעבען,
און אויב דיין הארץ האט ברענענדע באגעהרען
און ס'מוז מיט'ן ים פון לעבען מיטגעריסען ווערען—
און אויב דו קענסט אהן הערצליכע חרטה,
אָהן מורא זארגען,—נור נישט איבערגעטריבען
אז ס'איז דאס לעבען אונז צום לעבען נור געגעבען,
און ליבען עס, און טרינקען ביז צום גרונד
ביז דער לעצטער אויגענבליק עס קומט...
דאן לעב און רייס אויף פּיצלעך דיינע טרוימען
און וואַרף אריין אין קאמף דיין לעבענספולע ברוסט
פאר גליק, און אלעס וואס שאפט דיר פארגעניגען,
וואס נור דיין הייסעם הארץ באגערט און גלוסט...
און דעם דיכטער'ס הימלישער גן עדן
גלויב מיר,
איז ניט פאר דיר!...

איהם ציהען טויטע שאטענס אלץ צו זיך,
עס רייסט און שלעפּט איהם אלץ א בייזער רוה...

אַ וואַנדערער, דו וויים אז זיין געזאנג
זיין פייער הייסע שפּראַך, מיט ליבע פול
דער וועהטאג זיינער וואס עס קלינגט אין יעדער ווארט,
דער מיטלייד וואס ער רופט... ס'איז אלעס ווערט א נול.
פון מענשען און פון גאט ווייט איז ער קען זיין
ווי גאט און מענשען זיינען ווייט פון א בויאַן...
ער ווייסט קיין מיטלייד ניט, פון צאָרן אויך קיין שפּור,
און וואס ער זאל ניט זיין—משוגע אדער העלד
פון זיין ערשטען ריינעם טרוים ביז ער פארשווינט פון דער וועלט
איז דער דיכטער אלס ניט מעהר ווי א שוואכער קראנקער שקלאף
וואס ווערט באהערשט, רעגירט אין דער אייביגער נאטור.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ וואַנדערער!
אין די הימלען ווייטע אונדערגרייכטע זיינען פאראן
דארט שטערען גאָלדענע... פרעמד פאר אונזער ערד.
טיפע ים'ען שטורמען אין דער ווייטקייט, די ברעגען זייערע
צו זעהן זיי איז אונזער אויג ניט ווערטה...

דער דיכטער—א שטראַל א גלאנציגער איז ער פון יענע וועלטען
אראפּ צו אונז געפאלען מיט ליבע און מיט גאַל.
ער איז ביי אונזערע ברעגען פון באשעפער א פארגעסענער,
פון יענעם ווייטען ים—א שטילע מידע וואַל...

דארום אין שטילע מינוטען פון ביטערען לעבען
הערט ער צו שטימען וואס הערען קען קיינער,
ער רופט יענע וועלט וואס האלט פעסט זיין זכרון
פון אָפּגרונד פון טיפען וואו ער פיהלט זיך איינער.

דארום ווען ער בלאָנדזשעט אין טיפע געדאנקען
ווי איינזאם ער איז מיט די גאָלדענע טרוימען
אין דער וועלט אין דער קאַלטער.
אין שטונדען פון הערצליכען וועהטאג און פיין,
דאן ווײנט ער מיט טרערען אזוי ווי א קינד
און טרוימט ווי א נביא אן אלטער...

# א געבענשטע קללה

(פאָלקס מעשהילע)

אמאל, אמאל אין זומער צייט
איז וואנדערענדיג דורך לאנד און לייט
אן אָרימאַן צובראָכע מיד
געקומען ערגעץ אויף אן אָרט,
(דעם נאמען איצט געדענק איך ניט),
דערזעהט ער א כאַלופקע שטעהן
באשליסט ער גלייך אריינצוגעהן
צו בעטען עפּעס עסען דארט . . .

ער קומט אריין, ס'איז קיינער דאָ,
ער וואַרט א שעה און נאך א שעה
און קיינער ווייזט זיך ניט אין הויז,
ס'געהט קיינער ניט אריין, ארויס,
בלויז פליגען זעהט ער פליהען אום
אויף טיש און פענסטערך מיט געזשום
דורך שויבען שטארק פארשויבטע ברענט
די זון אריין אויף פוסטע ווענט,
און זאָנסט אפילו ניט קיין קראַץ,
כאטש שטארב פון הונגער אויפ'ן פלאַץ;
כאטש נעם און שלינג אין זיך אריין
די פליגען מיט דעם זונען שיין.

דאך ווי ער זיצט אזוי געבויגען
ווערט פלוצלונג ליכטיג איהם אין ד'אויגען,
ער זעהט א שיסעל אונטערן טיש
מיט ברעקלאך חלה וויים און פריש.
ניט לאנג געקלערט, ניט לאנג געטראכט,
צומאל קיין מוציא ניט געמאכט,
איז ער צום שיסעל צוגעשפרונגען
און אלע ברעקלאך איינגעשלונגען . .

ער האט זיין הונגער איינגעשטילט,
דאך באלד האט זיך פאר איהם צושפילט
א קאָמישע טראגעדיע,
צו אפשר אויב איהר ווילט,
א טראגישע קאָמעדיע.
געוואוסט האט אונזער אורח ניט
אז אין דער כאַטקע וואוינט א איד
וואס האט אן אלטע ווייב א שטומע
און איז דערצו אזא מין פרומע
אז ווען זי בענשט אין הארצען וועמען
וועט עס דערנאָך שוין לאנג ניט נעהמען,
קיין רגע וועט עס ניט געוועהרען
איהר ברכה זאל מקוים ווערען

און איצטער הערט א טיפען סוד,
די ברעקלאך וואס דער אורח האט
געגעסען, האט די פרוי די שטומע,
די צנועה און די פרומע,
אוועקגעשטעלט פאר איהרע עופות
און האט אין הארץ געבעטען גאט
ער זאל באווייזען איהר א מופת,
די הינער זאלען לייגען איהר,
מיט זיין גענאָד,
פאר יעדען ברעקעלע אן איי
און אויב נור מעגליך טאקע צוויי
און אפשר טאקע דריי און פיער.

איהר תפלה האט מיט גרויס גענאָד
אויסגעהערט דער ליבער גאט,
און איצט וואס דארף איך אייך נאך זאגען,
דער אורח האט דערפיהלט אין מאַגען
ווי ס'וואלטען דארטען טויזענד העהנער
צוקרעהט זיך אויף די העכסטע טענער,
און איידער וואס און איידער ווען

די קאַטאַסטראָפע איז געשעהן.
דער אורח האט געלעגט אן איי
און נאך אן איי, און נאך אן איי,
און אַט שוין קומען זיי צו צוויי,
און באלד צו דריי און באלד צו פיר,
גאר אַהן א צאהל און אַהן א שיעור,
און אייער ווי די פויסטען גרויס,
דאך איז די מעשה נאך ניט אויס
דער אורח האט דערפיהלט אין ברוסט
א היהנערדיגען קוואַטשקען לוסט,
און איידער ער האט געטאן א טראכט
האט ער שוין מיט די הענד געמאכט
ווי די העהנער מיט די פליגלען מאכען.
און יאָ,—עס איז אייך לייכט צו לאכען—
ר'האט אנגעהויבען שטאָלץ זיך דרעהען
ארום די אייער און זיך פרעהען
און ווי א האהן מיט גאוה קרעהען
און ווי א קוואַטשקע קוואַטשקען הויך
און מיט די פיס צו שאַרען אויך.

מיט א מאנאטען זעקס צוריק
האב איך אליין געהאט דאס גליק
צו טרעפען זיך מיט דעם פאַרשוין
און ער האט מיר דערצעהלט אליין:
—עס לעגט זיך גאר ניט שווער אן איי,
דאס קוואַטשקען, דאס טוט אויך ניט וועה,
נאר זוכען שפייז אין קופעם מיסט,
אַט דאס מיין ליבער פריינד, פאַרדריסט. .

# א חסיד'ל

(א לעגענדע)

געווען אמאל א חסיד'ל, געבענשט מיט אלדאס גוטס,
א ווייבעלע א כשר'עס און קינדערלאך א טוץ.
געפעהלט האט נאר א קלייניגקייט, צום לייב א שטיקעל העמד,
און הערינג, ברויט א פּיצעלע, ווען ס'האט דאס הארץ געקלעמט.
צום שטיבעלע א דעכעלע, צום דעכעלע פיר ווענט,
עס האלטען דאס מלאכים נור עס אונטער מיט די הענט.
צום פענסטערעל א שייבעלע, נאר דאס איז שטותים דאך,
וואלט נור געווען א קישעלע פארשטעקט מען באלד די לאָך.
געפעהלט האט נאך אין שטיבעלע א בעטעלע צום שטרוי,
נור דאס איז אויך קיין צרה ניט, מען שלאפט זיך אויס אזוי.
א ליכטעלע צום ליימעלע געפעהלט האט חוץ לזה—
נור דאנקען גאט, ער זינדיגט ניט, ער קען חצות על פּה.
ניטא אין שטוב קיין טיש קיין באנק, נור וועגען דעם ווער קלערט
גאט'ס תורה קען מען לערנען דאך, איז זיצענדיג אויף דר'ערד.
אויף שבת אויך קיין דאגה ניט, א טשאָלענט, וויים איך וואס,
די נשמה יתירה עסט דאך ניט, איהר מיין איז דאך ניט דאס.
ס'זאל זיין אויף קידוש חלה נור, א כזית'ל ניט מעהר
טאָ קען מען איבער שפּענדלאך צוויי שוין בענשען להדליק נר
און במקום פיש זאגט תורה ער, מיט פּעפּער אין דער הויך.
די קינדערלאך זיי קווועלען רק, זיין אשת חיל אויך,
זי זינדיגט ניט, זי קלאָגט זיך ניט, זי זאָרגט ניט, זי איז רייך,
א תלמיד חכם פאר א מאן, היינט ווער איז צו איהר גלייך?
פון קרח'ס אוצרות טראכט זי ניט, וואלט נור געווען נדן
צו נעמען פאר דער טעכטערעל אם ירצה השם א מאן.
א טעכטעריל, א מיידעלע, א שמעקענדיגע רויז
און נאך איהר געהט די אנדערע, די דריטע אויך שוין גרויס,
און אלע גאר געראָטענע, אי שעהן, אי קלוג, אי פיין,
נור נאַקעט נעבאך, ס'איז א שאנד זיך ווייזען אויף דער שיין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די יאהרען לויפען ווי א ראָד, אלץ ווייטער בארג אראפּ
און בתולות וואקסען ווי א בלום, און בליהען טאקע אָפּ,
און איינמאל זאגט דאס ווייב צום מאן, און לאזט אראפּ דעם קאפּ,
פאַרזיצען זאל חלילה ניט דאס קינד ביז גרויען צאָפּ.
ניטאָ אין שטוב קיין ברויט קיין קלייד, עס קאַפּעט דורך דעם דאַך,
הכנסת כלה אבער איז דאך גאר אנאנדער זאך.
א גרויסע מצוה, לאנג שוין צייט פאר׳קנס׳ען אונזער קינד.
טאָ מוזטו פון דער תורה זיך מבטל זיין אצינד
וואו תורה דארט איז חכמה אויך, מוזט זיין צום מסחר קלוג,
געה, דרעה זשע זיך אין מארק ארום און זוך און שמעק און קוק
מסתם וועט גאט—זיין חסד איז א יעדערען באקאנט—
באשערען אונז כאטש עפּעס וואס פון זיין געטרייער האנט
דער מאן הערט אויס און ענטפערט איהר, דו האסט אוודאי רעכט,
איך וויים אליין, דיין עצה איז לגמרי גאר ניט שלעכט.
נור וואס זשע דען, אין גאס ארויס, ווי געהט מען עס, מיין ווייב,
אז ס׳איז ניטא קיין פרוטה געלד, קיין מלבוש אויף דעם לייב.
דערהערט די ווערטער פון איהר מאן, לויפט זי געשווינד און לייט
ביים שכן שיך, א זשופּיצע, געגלאַנצט כמעט ווי זייד.
ער ציהט ארויף דאס בגד׳ל, אפילו לעפּיש שטארק,
קושט די מזוזה—זייט געזונד און געהט ארוים אין מארק.
די קינדער בעטען, גאטעניו, אויז זע דעם טאטענס נויט
און שיק איהם צו א גראָשענדעל, א גראָשענדעל אויף ברויט!
און ער אליין, דאס חסיד׳ל, ער געהט אויף דער גאס
און ס׳באָמבעלט זיך אין קאפּ ביי איהם א סוגיא גאר פון ש״ת.
דערמאָנט ער זיך נאך וואס ס׳האט איהם אין מאַרק געשיקט
זיין פרוי.
פארטיפט ער אין מחשבות זיך און קלערט און טראכט אזוי:
פרנסה, דאס וועט גאט מסתם פארזארגען שוין אליין,
ער איז דאך אונזער פאסטוכעל און שפייזט פון גרוים ביז קליין
הזן ומפרנס הייסט דאך עס, דאס איז דעם בורא׳ס זאך,
דער עיקר איז בטחון נאר.. אמונה, אך, אך, אך! .
דער רעכטער תמצית איז דאך גאר דער אור פון יענער וועלט,
קומט נאַריש שוין במילא אוים דער גאנצער ענין—געלט...
עט, „רשע וטוב לו“, פרעגען זיי, נו מילא מה בכן

אז מען קוקט זיך צו איז גאר ניט שווער דעם ענין צו פארשטעהן.
וואס איז די וועלט?—א קאָרידאָר,
דער פּאַלאַץ איז דאך דארט,
פאר זיי דעם קאָרידאָר, אונז אבער אין מלך'ס שלאָס אן אָרט.
דער כביכול ווארפט פאר זיי די וועלט מיט איהרע זינד
כמו מען ווארפט נבלה פלייש ארוים פאר טמא הינד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס קאָכט דער מארק א קעסעל פויק מען רעש'ט, מען שרייט,
מען לויפט,
דער יאָגט אהער און דער אהין, דער קויפט און דער פארקויפט;
עבדים, קעמלען, קרייטעכצער, א טומעל, א יריד! . . .
דאס חסיד'ל אין זשופּיצע—ער דרעהט זיך אין דער מיט,
און פלוצים וואקסט אוים נעבען איהם, ער ווייסט ניט ווי אזוי,
א הויכער מאן, דאס פּנים יונג, די ברייטע באָרד גרייז גרוי.
דער הויכער שטערען איז טיף געקנייטשט, דער שמייכעל
קינדיש ווייך,
די אויגען בלויע, גוטינקע, די באקען צארט און בלייך . . .
און עפּעס פון זיין פּנים שטראלט א לבנה שיין אראפּ,
ער שמייכעלט צו דעם חסיד'ל און גיט איהם שלום אפּ.
דאס חסיד'ל דערקענט איהם באלד און שפּרינגט פאר שמחה אויף
סטייטש, אליהו שטעהט פאר איהם, דער איש מבשר טוב ..
און ס'קלינגט צו איהם דעם נביא'ס קול, ווערסט היינט באמת
רייך.
רוף אוים אין מארק, א קנעכט ווער דארף וואס ס'איז ניטא
איהם גלייך.
דיין קנעכט בין איך, נעהם פיהר זשע מיך, דער נביא רעדט
און באלד
שוין אויף א יונגען קנעכט א גבר פארביט ער זיין געשטאַלט.
דער חסיד שטאַמעלט ציטערדיג און קנייטשט זיך אזש פאר צער,
איז דען א יושר אז א קנעכט פארקויפען זאל זיין האַר.
נאר אליהו זאגט איהם שרענג, כ'בין גוזר, איך אליין,
דער חסיד נעמט דעם נביא אָן און ס'קלינגען איהם די ציין.
א קנעכט, א קנעכט, א גרויסער קנעכט פונ'ם מלך אלקים—
שרייט אויף א קול דאס חסיד'ל און ס'וויינט דאס הארץ אין איהם

ס'האט באלד דעם קנעכט א סוחר'ל פון אלע אויסדערוועהלט,
אכט הונדערט טויזענד רענדלאך געלד, במזומן אויסגעצעהלט
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
דעם נייעם קנעכט אהיים געבראכט, פרעגט איהם דער באלעבאס
ביזט פעהיג צ'עפּעס וואס?
קאנסט אפשר בויען מויערען, מאכסטו מיר שלעסער דריי,
צוועלף הויפען מיט זיבען פּאַלאַצען, לאז איך דיך תיקף פריי.
דער נביא נעמט זיך ארבייטען און ארבייט אפּ דעם טאג,
און ס'קומט די נאכט, טוט תפלה ער און שרייט צו גאט מיט קלאַג
אַ גרויסער גאט, דו ווייסט אלצדינג, ביזט אמת און גערעכט,
א מענש, א קנעכט, א שקלאַף צו זיין, פארקויפט האט זיך
דיין קנעכט.
דו זעהסט מיין הארץ און ווייסט אז מיין כונה איז געווען
לשם שמים, דיר צוליב און ניט מיין טובה, ניין.
אלמעכטיגער, שין יוד עולמות באשאפען האט דיין וואָרט,
האט א ממשות דען ביי דיר א פּאאר בנינים דארט?
און גאט האט זיך דערבארעמדיג צו זיין וואָרט געקערט
און שנע ווייסע מלאכים'לאך געשיקט אראפּ אויף דרערד
עס האבען די מלאכים'לאך נאך ביז האלבע נאכט
די שלעסער, הויף און פּאַלאַצען פון מירמעלשטיין געמאכט.
אויף מאָרגען ס'האט דער סוחר'ל די פּאַלאַצען דערזעהן,
ער שטעהט און קוקט און וואונדערט זיך און גלויבט ניט
זיך אליין.
די דעכער—אלע גאָלדענע, די פענסטער פון קריסטאָל—
די ווענט פון ווייסען מירמעלשטיין, די טירען גאָלע שטאָל.
און אליהו זאגט צו איהם, די ארבייט פארטיג שוין,
געדענק איצט וואס דו האסט צוגעזאגט און גיב מיר אַפּ מיין לוין.
דער סוחר לאָזט דעם נביא פריי, דער נביא פליהט אוועק,
אן עושר בלייבט דאס חסיד'ל—די מעשה נעמט אן עק.

# אליהו הנביא

(א מעשה׳ילע)

כ׳האב געקענט אמאל א מיידעל
און געהייסען האט זי זלאַטע;
צו פארברייננגען מיט בחורים
האט פארבאָטען איהר דער טאטע...
ווי א פויגעלע אין שטייגעל
האט ער זי אין געהאלטען,
יעדער פרייער שמייכעל איהרער
פלעגט דערוועקען כעס אין אלטען ..
האב איך זי געזעהן א בלאסע
גאנצע טעגביים פענסטער זיצען
און די בליקען איהרע פלעגען
טרעפען אין מיין הארץ ווי בליצען.
נור דעם טאטען׳ס בייזע אויגען
פלעגען תמיד זי באוואכען
אז זי זאל נישט צו קיין בחור
דורך דער שויב א מינע מאכען.
הייליג מוז זי זיין זלאַטע
פרום און הייליג ווי א תפלה;
זי זאל ראוי זיין צו נעהמען
פאר א מאן, דעם קאַצקער עלוי.
נור געקומען איז דער פסח
מיט זיין היסב־בעט מנוחה,
יעדער איד איז איצט א מלך,
יעדעס שטוב א מלוכה...
יעדער בחור—א בן מלך
נאָר איך איינער—הערט א מעשה—
האב זיך אָנגעטאן א קיטעל
און א לאנגע בארד א ווייסע
פונקט ווי ס׳מאָלען פרומע אידען
זיך דעם נביא אליהו—

וואס צו זעהן זיין הייליג פנים
ע ר ז א ל ל ע ב ע ן איז נור ראוי!
און אין ווייסען דורך די געסלאך,
האב איך שנעל גענומען שפאַנען,
באלד בין איך אין קליינעם פאָרהויז
נעבען זלאַטע׳ס הויז געשטאַנען.
אין פאַנטאַזיע זיינען בילדער
איינס נאך איינס פארבייגעפלויגען.
זלאַטע׳ס יין גפן ליפען,
זלאַטע׳ס יין שרף אויגען .
פלוצלונג האט דעם אלטען׳ס שטימע
צו מיין אויער זיך דערטראָגען:
—מאך די טיר אויף, טאכטער מיינע,
וועל איך „שפוך חמתך“ זאגען . .
באלד האט זיך די טיר געעפענט,
„שפוך חמתך“ האט געקלונגען.
זלאַטע האט א קוויטש געגעבען
און א בלאַסע אָפגעשפרונגען.
—האב ניט מורא, כ׳בין דיין בחור,
ניט קיין נביא, ניט קיין עלוי—
האב איך זלאַטען שטיל געמורמעלט
ווי א פרומער זאגט א תפלה.
זי האט מיר דערלאנגט דאס הענטעל,
נעלם זיינען מיר געווארען,
שפעטער זיינען מיר צוזאמען
קיין אמעריקא געפארען.
ס׳האט דאס שטעדטעל לאנג געטומעלט
מיט די נייעס וואס האט געטראפען,
ס׳איז דער נביא אליהו
מיט א מיידעל וואו אנטלאָפען . .

# א פרעמדער

א פריינד אויף יעדען שריט,
אן אויסגעשטרעקטע האנד,
און דאך ווי עלענד כ'בין
אויך דאָ אין נייעם לאנד . .

א ליבער שמייכעל גריסט
און כ'הער א צאַרטען וואָרט,
און דאך עס איז מיר פרעמד
אויך דאָ א יעדער אָרט . .

פאראן איז אין מיין ברוסט
א שטילער ווינקעל וואו,
באגראָבען לעבט א טרוים
וואס גיט מיר ניט קיין רוה...

וואס רופט צוריק אהין,
צוריק אין יענעם לאנד,
וואו איך האב אויך פארלאזט
אן אויסגעשטרעקטע האנד . .

א צארטען זיסען וואָרט,
א שמייכעל — זונען־שיין;
אָה, שווייג מיין הארץ, ניט וועק
די טויטע יוגענד מיין. .

פארשווינד, פארשווינד דו טרוים,
א פרעמדער בין איך, געה!
— א פריינד אויף יעדען שריט
נור קיינער ווייסט מיין וועה. .

# אַ, מיידעל!

איך ליב ניט די אויגען די שוואַרצע
וואָס פינקלען ביי דיר,
איך ליב ניט דיין שמייכעל וואָס כשופט
און רופט אַהן א שיעור...

איך ליעב ניט דיין צארטעס געזיכט
וואס איז פול מיט חן,
איך ליעב ניט דיין שטימע וואס קלינגט
אזוי ליעבליך און שעהן..

איך ליעב דיך ניט דאמאלסט ווען דו ביזט
צערטליך און מילד,
איך ליעב דיך נאָר דאמאלסט ווען דו ווערסט
ברויזענד און ווילד..

איך ליעב נאָר דיין אָטהעם דיין הייסען
וואס צינדט אָן מיין בלוט,
איך ליב נאָר די אָרעמס וואָס קלעמען
זיך איין מיט א גלוטה...

איך ליעב דיינע ציינדלעך וואס בייסען
זיך איין אין מיין לייב,
איך ליעב נאָר דעם פלאַם פון קערפּער
ווען דו ווערסט א ווייב..

איך ליב דיינע ליפּען וואָס קושען
און פרעסען זיך איין,
און נאָגען און זויגען גלייך ווי זיי וואָלטען
געזויגען א וויין..

אָ, מיידעל!

## אַזוי זיס!

קוק ניט צו מיר איצט אזוי ווי א קינר,
איך וויל פון די אויגען זאָל ברענען א זינד.
רייד ניט צו מיר אזוי צאַרט, אזוי מילד—
כ'וויל אז דיין האַרץ איצט זאָל ווערען ווי ווילד ..

עס איז אזאַ שעהנע און ליכטיגע נאַכט,
א ווינטעלע בלאָזט אזוי פריש, אזוי זאַכט,
קום זשע אין וועלדעל אין יונגען דאָרט געהן—
וועלען מיר דאָרט מיט דער נאַכט זיך אויך פרעהן .

עס פונקלען די שטערען פאר'חלום'ט אין הימעל,
עס ליגט דאָרט דאס וועלדעל אזוי ווי אין דרימעל,
מירביידע בלויז וועלען דאָרט שטיפען און לאַכען,
מיר ביידע בלויז וועלען א גאַנצע נאַכט וואַכען

עס וועט די לבנה קאָן זיין ניט פארגינען
און וועט זיך אין שוואַרצענקע וואָלקענס פארשפינען
און ס'"וועט אין דעם וועלדעל א פינסטערניש ווערען—
זי'ט אָבער דאס גליק פון די הערצער ניט שטערען...

עס וועט אין די פינסטערע שטונדען די טריבע
נאָך העלער צוברענען דער פייער פון ליעבע...
נו קום זשע געליעבטע, ניט רייד ווי א קינד—
עס איז אזוי זיס, אזוי זיס דאָך די זינד ...

# א גלויבען

ברוך איז שוין א זעכציגער. די טיפע קנייטשען אויף זיין שטע־רען און אויף זיין מאָגער געזיכט דערצעהלען פון א לאַנגען שווע־רען לעבענס־וועג. די אויגען זיינע אבער זיינען גרויס און שוואַרץ און פול מיט לעבען ווי דאַן ווען ער איז נאָך יונג געווען. זיינע ווייסע האָר אויף דעם קאָפּ זיין לאַנגע, גרויע באָרד, דער עטוואָס געבויגענער רוקען און דער מאָגערער שוואַכער קערפּער האר־מאָנירט מיט'ן גאַנצען טרויעריגען לעבען פון זיין אומה. רעדט ער אָבער קלינגט זיין שטימע עפּעס אזוי שטאַרק און מעכטיג— יעדער וואָרט איז א טרייסטענדע מעלאָדיע; זיין רעדען איז א קוואַל פון גייסט און לעבען.

ברוך איז ניט לאַנג אהער אריבערגעקומען. ער איז שוין אבער גוט בעוואוסט אין אונזערע קרייזען. ווער קען ניט דעם אלטען ברוך'ן? עס איז געווען אין יענע צייטען ווען דונקעלע וואָלקענס האבען זיך אָנגעהויבען פארשפּרייטען איבער רוס־לאנד, ווען פון יעדען ווינקעל אין דער גרויסער מדינה האבען זיך אָנגעהויבען הערען דעם אידענס וועה־געשרייען, און די צייטען ווען מען האט אנגעהויבען געבען צו פיהלען אז דער איד איז א פרעמדער און א פערוואָגעלטער; דער האַס און די שנאה האבען זיך פונאַנדערגעפלאַקערט און דאס עלענדע אונגליקליכע פאָלק האָט ווי צום הימעל געקוקט, זוכענדיג פון דאָרטען הילף. דאַן איז ברוך געווען צווישען די ערשטע וואָס האָבען פארשטאַ־נען און באגריפען אז די הילף ליגט אין די אייגענע הענד. ברוך איז געווען איינער פון די ערשטע וועלכער האט זיין האַנד אויס־געצויגען אהין, אהין צו יענעם שעהנעם גליקליכען א מ אָ ל. „קומט", האט ער געשריען, „אהין וואו מיר האָבען אונזער „אמאָל" בעגראָבען. דאָרטען וועלען מיר אונזער „היינט" אויפ־בויען! קומט, קומט, מיינע טהייערע, אונגליקליכע ברידער!"

און יאָהר איין יאָהר אויס האט ברוך גערופען, געשריען, גע־בעטען—און אום א פאָלק צו באפרייען, אום א האַלב טויטען גע־זונד צו מאַכען, זיינען טעג ווי מינוטען און יאָהרען ווי טעג געפלויגען...

און אָט איז ברוך'ס קורצער לעבען שוין באַלד פארשוואונדען, אָבער זיין קול קלינגט און רופט נאָך אַלץ צו אַנייעם לעבע פונקט ווי דאַן ווען עס האט נאָך געבליהט זיין יוגענד

און קיינמאָל אין זיין לעבען איז ער אויף א ווײלע ניט שטעהן געבליבען פרעגען, הערען, פיליכט איז זיין וועג א פאַלשער? קאָן זיין אז ער, דער אַלטער, בלאָנדזשעט?...

וואָס זשע איז די קראַפט פון זיין געזונטער נשמה?—א גלויבען, א הייליגער, האַרציגער גלויבען!

האט ברוך א זוהן, יעקב—איין איינציגען זוהן, זיין אויג אין קאָפּ, א יונג שטארק און קרעפטיג; דאס האַרץ געזונד, די האָר שוואַרץ און גלאַנציג; זיינע אויגען אָבער, ווי פערלאָשענע צוויי שטערען קוקען זיי אין דער וויטקייט אריין ווי זוכענדיג וואָס. קיינער ווייס ניט וואָס זיי זוכען . . . זיין שטימע דערמאָנט א בית עולם—שטיל, שוואַך, פערשטיקט וואָס איז מיט איהם?

פינף און צוואַנציג יאָהר ערשט, און פון לעבען אזוי ווייניג גענאָסען, דעם לעבען כמעט גאָר ניט געגעבען.. עס שיינט די זון דאָך אזוי העל און ליכטיג, דאס לעבען רופט און צויבערט; זיין נשמה איז אָבער א האַלב טויטע, קוים וואָס זי באוועגט זיך. פארוואָס זשע איז דאָס? ער איז צום ערשטען אויף דעם טאַטענס וועג געגאַנגען, א קינד פון זיין פאָלק געווען, זיינע ליידען און פריידען געטיילט. האָט אָבער א וואָרעם גענומען נאָגען; ווער ווייס? דאָס וואָס שטאַרבט מוז שטאַרבען. מען דאַרף קעמפען ניט נור פאר זיך, נור פאר אלעמען; נישטאָ קיין געטער —מענשען זיינען פאראַן; נישטאָ קיין פעלקער—קלאַסען זיינען פאראַן. מען דאַרף נייע געזעצען פערפאַסען. דאָס אַלטע דאַרף מען צושטערען.

אויף דעם וועג איז אָבער יעקב לאַנג ניט געגאַנגען. וואָס טויגען גאָר אין גאַנצען געזעצען? .. די נאַטור ווייס ניט פון קיין צוימען; פריי ווערט מען געבוירען, פריי דאַרף מען לעבען —צוברעכט די אַלטע לוחות, פון שקלאַפען געשריבענע.

אָבער אויך אויף דעם וועג האָט יעקב זיין רוה ניט געפונען.

האָט זיין ביינקענדע נשמה אויף טויזענד אנדערע זיך אומגע־טראָגען—ביז . . . ביז ער איז מיט זיין פאָטער קיין אמעריקאָ געקומען.

א פערשטיינערטע איז זיין מידע, אויסגעמאָטערטע נשמה גע־בליבען שטעהן; א נייע לעבען האָט יעקב דאָ דערזעהן. אָבער אלטע צווייפלען נאָגען און מוטשען איהם. און פיעל מאָל ווען ער בלייבט אליין גיסט ער מיט טרערען און פרעגט, וועלכער וועג דאַרף זיין מיינער? וועלכער וועג? . .

עס ביינקט זיין נשמה, עס ציהט איהם ערגעץ וואו . . . וואו־הין? צו וועמען?—א גלויבען עס פעהלט איהם, א הייליגער הארציגער גלויבען . . .

## — — ירחמיאל שמאַטע

ערגעץ אין א נאַסען פינסטערען בייסמענט, וועלכער האָט אויסגעקוקט ווי א טיפע, שטויביגע גרוב, אָהן לופט און אָהן שיין, דאָרטען איז א רעגס שאַפּ געווען. און אין יענעם רעגס שאַפּ, צווישען האַלב שאָטענס, האַלב מענשען, האָט ירחמיאל שמאַטע געאַרבייט. ירחמיאל שמאַטע, אזוי האָט מען איהם גע־רופען צייט לאַנגע יאָהרען. צו דערפאַר וואָס ער האָט ביי די שמאַטעס געאַרבייט, צו פאַר עפּעס אַנדערש—דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט. נאָר זיינע גאָר נאָהנטע פלעגט ירחמיאל אליין דערצעהלען פון וואַנעט דער נאָמען שמאַטע קומט צו איהם. אן ארבייטער וועלכער האָט אַמאָל מיט איהם צוזאַמען געאַרבייט האָט געפּרופּט איהם איינריידען אז ער זאָל פארלאָזען דאָס רעגס פּיקען, אוועקוואַרפען די שמאַטעס און זיך נעמען צו עפּעס אַנ־דערש. און ווען ירחמיאל האָט זיך ניט געלאָזט איינריידען, האָט יענער מיט כעס אויסגעשריען, דו ביזט א שמאַטע! אז דער באַלעבאָס האָט דערהערט וועגען דער קריעג האָט ער יע־נעם ארבייטער געסעקט. ביים דערצעהלען די ווערטער פלעגט זיך אויף ירחמיאל'ס בלוטלאָזע ליפּען בעווייזען אן אָפּגעריסע־נער, צוקאָרטשעטער שמייכעל וועלכער האָט אזוי ווי געוועה־טאָגט און געעקעלט צוזאַמען. און פון דאַן אָן איז דער נאָמען שמאַטע געבליבען. ירחמיאל שמאַטע איז געווען א איד פון א יאָהר פופציג. זיינע אויסגעלאָשענע אויגען אָבער, זיין בלאַס פארגעלטעס געזיכט און די ווייסע האָר אויף זיין קאָפּ און אויף זיין קליין שפּיציג בערדעל, האָט ווי געוואָלט דערוויזען אז דער ירחמיאל איז פיעל, פיעל עלטער פון פופציג, און אז ער איז שוין מעהר אויף יענער וועלט ווי אויף דער. אָבער וועמען האָט ירחמיא שמאַטע דען געקימערט? ווער האָט געגומען צעהלען זיינע יאָהרען? מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, ווען ירחמיאל איז קיין אמעריקא אריבערגעקומען, איז ער גאָר אן אנדער מענש געווען. געזונט, פרעהליך, א לעב יונג, ווי זיינע געצעהלטע קרובים דערצעהלען. אין דער אלטער היים איז ער געווען א מעקלער פון אָקסען א מעקלער פון וויין. און דאָ אין אמעריקא

האָט ער זיך צו פאַרשידענע מלאכות גענומען. און כאָטש טרינק זיך, ווי ער פלעגט זאָגן—עס געהט ניט. אָבער איין מאָל האָט איהם א גוטער פריינד זיינער אין רעגס שאָפּ אריינגעפיהרט און איהם פאר מיסטער בערמאַנען פאָרגעשטעלט, און פון דאַן אָן זיינען וואָכען, מאָנאַטען און יאָהרען פארגאַנגען. דער רוקען זיינער האָט זיך אויסגעבויגען, רויט אָהן לעבען זיינען זיינע אויגען געוואָרען. די ברוסט זיינע איז איינגעפאַלען. אָבער ירחמיאל שמאַטע האָט גאָר ניט געהאַט צו זיין שאָפּ אַרבייט, זיך קיינמאָל ניט געקריוודעט. פיעל מאָל האָבען איהם אַנדערע באָסעס געוואָלט אָפּרעדען. זיי ווערלען איהם מעהר געלד גע־בען. פלעגט ירחמיאל זיך פארטראַכטען; געוואָלט, טאַקע געדאַרפט מעהר. די קינדער זיינע געהען אָפּגעריסען, די ווייב ווײנט אויך אז זי האָט ניט א שטיקעל קלייד אויף זיך. מעהר ווי אויף דעם שטיקעל ברויט איז טאַקע נישטאָ. דאָס האָט אָבער ירחמיאל בלויז געטראַכט אַ קליינע ווײלע, און ווי מיט עקשנות איז זיין ענטפער געוועזען—ניין, ניין. גענוג פאר מיר. איך האָב פיינט זיך צו שלעפּען . . . האָבען ארבייטער איהם אמאָל געזאָגט, ביי יענעם איז לופטיגער, ריינער צו פּיקען— קום באגראָב זיך ניט איין אין דעם פינסטערען קבר. פלעגט ער זיך דאַן אויך פארטראַכטען א ווײלע, און נאָכדעם ענטפּע־רען—וויים איך, כ'וועל זיצען וואו מען קען מיך. נאָך אזעלכע געשפּרעכען פלעגט ירחמיאל שמאַטע עפּעס פיהלען ניט גוט... אָבער באַלד האָט ער זיך גענומען טראַכטען פון זיין באַלעבאָס —ווי ער קלאַפּט איהם שטענדיג אזוי פריינדליך אין דער פּלייצע אריין, זאָגענדיג דערביי אַלט־בעקאַנטע ווערטער — ווי געהט'ס רחמיאלקע? צו קיינעם איז ער ניט אזוי צוגעלאָזט. שוין אַכצעהן יאָהר אז ער אַרבייט ביי איהם. ער האָט צו איהם גאָרנישט. ווען זיין ווייב מיט די קינדער זיינען אריבערגעקו־מען האָט ער איהם באַלד געגעבען א רעיז. און ווען ער פאַר־טרויט ער די שליסלען, דעם שאָפּ צו פאַרשליסען—אַלץ איהם. ער פלעגט זיך דאַן ארומקוקען אין שאָפּ—עפּעס איז אַלעס דאָ אזוי היימיש, גלייך ווי עס וואָלט אייגענס געוועזען . . . וואו וועל איך געהן? . . .

איין מאָל נאָר האָט ירחמיאל געפיהלט פארדרוס אויף זיין

באַלעבאָס. דאָס איז געווען א זונטאג ערב פסח. ער האָט ניט געאַרבייט און האָט געהאָלפען דער ווייב צורוימען לכבוד יום טוב. אָט האָט ער צווישען די אַלטע ספרים וואָס זיין ווייב האָט נאָך פון יוראָפּ געבראַכט—האָט ער זיינס א בילד געפונען, א בילד פון דאַן ווען ער איז נאָך יונג געווען. ער האָט איינגע־גראָבען זיינע אויגען אין דעם דאַמאָלסדיגען ירחמיאלען פון מיט יאָהרען צוריק, ווען דער רוקען איז נאָך געווען גלייך אויסגע־צויגען, די אויגען פול מיט לעבען, די האָר שוואַרץ און גלאַנציג. ער איז האַסטיג צוגעלאָפען צום שפּיגעל, א ווייַלע געקוקט אין שפּיגעל, א ווייַלע אויף דעם בילד און אין זיין האַרץ האָט גע־נומען שטיקען. איבער זיין בלאַס פאַרגעלטעם געזיכט האָבען זיך הייסע טרערען געקייקעלט . . . וואָס איז פון מיר געוואָרען.. עס האָט איהם אָטעם געפעלט. איז ער שנעל צום פענסטער צוגעגאַנגען און האָט עס אויפגעעפענט. און גראַד אויף דער צווייטער זייט סטריט האָט ער דערזעהן דעם באַלעבאָס זיינעם געהן, דעם געזונטען, פול מיט לעבען בערמאַן. דאַן האָט איהם אין האַרצען עפּעס אזאַ ברען געטאָן. און געפּיהלט האָט ער א שטאַרקען פאַרדרוס אויף איהם. און געמורמעלט האָט ער בלויז —פאַרוואָס קומט איהם אַלעס . . . פאַרוואָס? אָבער באַלד האָט ער זיך פאַרגעסען. אויף מאָרגען האָט ער ווידער געאַר־בייט און ווידער איז ער געווען דער אלטער רעג פּיקער ירחמיאל שמאָטע. אזוי זיינען געגאַנגען טעג, געלאָפען וואָכען — ביז פּלוצלונג איז געקומען אן ענדערונג אין דעם רעגס שאָפּ פון מיסטער בערמאַן. עס איז געווען גרוים ביזי. מען האָט גע־פאָדערט פון די אַרבייטער לאַנגע שטונדען. באצאָהלט האָט מען ווייניג. האָבען די אַרבייטער אָנגעהויבען ווערען אונצו־פרידען. זיי האָבען זיך עטליכע מאָל געהאַט פאַרזאַמעלט, גע־רעדט אז מען מוז פאָדערען מעהר. דער יקרות איז צו גרויס, מען קען קיין לעבען ניט מאַכען. געוועהנליך האָט מען ירח־מיאלען אויך גערופען. אָבער זיין ענטפער איז געווען—לאָזט מיך, ס'איז ניט פאר מיר. די אַרבייטער האָבען ענדליך גע־בעטען בעסערס. אָבער ווען בערמאַן האָט זיי געענטפערט— וואָס נאָך, שלעפּערס, ווערט איהר וועלען?—האָבען זיי דאַן ער־קלערט א סטרייק.

דאָס איז געווען אין א פאַר־נאַכט. מאָרגען האבען זיי בע־שלאָסען ניט צו געהן צו דער ארבייט. ירחמיאל שמאַטע איז אהיים געקומען, פארצעהלט דער ווייב און קינדער אז אין שאַפּ איז א סטרייק, האָבען זיי איהם גלייך געהייסען סטרייקען. — נו און ברויט און רענט, האָט ער זיך אויף זיין ווייב צושריען — ווער וועט דיר געבען? אויף מאָרגען אין דער פריה זיינען אָבער די ארבייטער צו ירחמיאלען אין שטוב געקומען. —וועסטו געהן צו דער ארבייט, רחמיאל שמאַטע, וועסטו קיין פּיס און הענט ניט האָבען, און דעם קאָפּ אויך ניט—האָבען זיי געשריען. ירחמיאל האָט זיך דערשראָקען. —גוט, גוט, כאַפּט עס דער רוח . . . איך וועל ניט געהן, האָט ער ציטערענדיג געענט־פערט. און זיי זיינען אוועקגעגאַנגען. ירחמיאל'ס קאָפּ אָבער וועךט צוריסען. ווי אזוי געהט מען עפּעס ניט? אזאַ ביזי—און היינט האָט ער גערעכענט צו בעטען ביי בערמאַנען א פינ־פערעל פאָראויס. ער דאַרף היינט רענט באַצאַהלען און ער האָט ניט. אָבער באַלד איז ירחמיאל אויף א פּלאַן געפאַלען. ער וועט שיקען זיין חנה'לען זי זאָל געהן צו בערמאַנען און איהם זאָגען אַז דער טאַטע וואָלט אוודאי געקומען, אָבער ער האָט מורא. ער וועט דעריבער קומען אין אָווענד און ארבייטען א גאַנצע נאַכט. דער טאַטע האָט אויך געבעטען פינף דאָלאר ווייל ער דאַרף רענט באַצאָהלען. ער איז געווען צופרידען מיט זיין איינפאַל, און טאַקע באַלד זיין חנה'לען אוועקגעשיקט.

צוויי קינדער האָט ירחמיאל געהאַט — א זוהן פון א יאָהר צוואַנציג, און א טעכטערעל פון זעכצען. חנה האָט זי געהייסען. דער זוהן האָט ביי פאָרם געאַרבייט. חנה'לע האָט געאַרבייט ביי סיגאַרען. און פלעגט ירחמיאל זיך צוקוקען צו זייערע בלייכע פנים'ער פלעגט זיך צונויפציהען זיין האַרץ פון וועהטאַג. אומשטיינס געזאָגט, וואָס פאר א פארגעניגען זיי האָבען. און צייטענס האָט ער געטראַכט, ווען ניט די קינדער, וואָס וואָלט מיין לעבען געווען. שוין א לאַנגע צייט אז חנה'לע איז אוועק־געגאַנגען, און זי איז נאָך ניטאָ צוריק. ער איז געווען אומגע־דולדיג. איך וויים, אפשר האָבען זי די ארבייטערס פארזעהן—האָט ער צו זיין ווייב געזאָגט. אָבער באַלד האָט ער דורכ'ן פענסטער זי געזעהן געהן... זי איז אריינגעקומען. ער האָט

זי מיט אן אָפען מויל באַגעגענט. נו, וואָס הערט זיך? זי האָט ארויסגעשלעפּט עפּעס פון פּאַקעט און האָט איהם דערלאַנגט. ער האָט זיינע אויגען ניט געגלויבט. וואָס, א גאַנצען פינף־און־צוואַנציגער — האָט ער צורעכט איבערגעצעהלט. דאָ זיינען אָבער זיינע בליקען געפאַלען אויף חנה'לעם געזיכט. איז ער ווי ערשטוינט געוואָרען. איהרע אויגען זיינען געווען פאַר־וויינטע, די באַקען עפּעס רויט אָנגעצונדען, און זי האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען. וואָס איז מיט דיר, חנה'לע? האָט ער האַסטיג געפרעגט. האָט חנה'לע איינגעבראָכען אין א געוויין, און שלוכצענדיג, מיט האַלבע ווערטער, דערצעהלט אז מיסטער בערמאַן האָט איהר געגעבען ביער טרינקען, עסען.. נאכהער זי געקושט, און דאַן... זי איז געפאַלען אויף דער ערד און אין האַרצען זיך געקלאַפּט—טאַטע, איך בין ניט שולדיג; טאַטע, איך בין ניט שולדיג! ירחמיאל איז א ווײלע געשטאַנען ווי א תם, זיינע אויסגעלאָשענע אויגען אויסגעסטאַרטשעט אויף חנה'לען, ווי ניט פאַרשטעהענדיג דעם שרעקליכען אָומגליק. אָבער דער היסטערישער געוויין פון זיין ווייב האָט איהם ווי פון א שלאָף אויפגעוועקט. ער איז צו זיך געקומען. דאָס גע־זיכט זיינס האָט זיך גענומען בייטען. די אויגען האָבען עפּעס ווי א בליץ געטאָן. אין זיינע הענד האָט ער נאָך דעם פינף־און־צוואַנציגער געהאַלטען—האָט ער איהם ווילד א שליידער גע־טאָן, און זיך די האָר גענומען רייסען. מיין קינד'ס עהרע פאַר־קויפט . . . מיט מיינע אייגענע הענר זי געשענדעט. ער האָט מיט די הענד באהאלטען זיין געזיכט און זיך ביטער צוכליפּעט. אָבער באַלד איז ער האַסטיג אויפגעשפּרונגען, געכאַפּט די גרוי־סע שער וואָס ער פלעגט נוצען ביי דער ארבייט, און זי אין פּאַקעט פאַרשטעקט, און איז ווי א שטורם ארויסגעלאָפען. גע־לאָפען איז ער צו בערמאַנען. צוגעקומען נעבען דער טיר פון זיין אָפיס. די טיר איז האַלב אָפען געווען. ער האָט אריינ־געקוקט. בערמאַן איז געזעסען אליין... געשריבען אין א גרויסען בוך. זיין פּנים האָט עפּעס הנאה'דיג געשמייכעלט. ירחמיאל איז אריין, פאַרמאַכענדיג הינטער זיך די טיר. ער איז האַסטיג, כמעט לויפענדיג, צוגעגאַנגען צו בערמאַנען און איהם ביים האַלז אָנגעכאַפּט. —וואָס האָסטו געהאַט צו מיין

קינד ? האָט זיין מויל פול מיט שוים געשטאַמעלט. —וואָס האָסטו געהאַט צו מיין קינד ? . . . אַכצען יאָהר ביי דיר געאַרבייט, א שמאַטע געווען, ווי א שמאַטע געלעבט ; מיין געזונט אוועקגעגעבען, מיין לעבען פארשפּילט — וואָס האָסטו געהאַט צו מיין קינד ? . . . בערמאַן האָט זיך געוואָלט באפרייען פון זיינע הענד. אָבער האַסטיג האָט ירחמיאל די שאַרפע שער ארויסגעכאַפּט און זי איהם אין האַרצען ביז א העלפט אריינגעשטעקט... „האַאָ, ווי געהט'ס, רחמיאלקע ?... ווי געהט'ס ?... —ער האָט טיפער און טיפער געשטופּט די שער. און ווען זי איז שוין געווען אינגאַנצען אריין, האָט ער זיך פּלוצים צולאַכט אויף א קול... כאַ, כאַ... ווי געהט'ס ? . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א ווײַלע שפּעטער איז ער ארעסטירט געוואָרען . . . .

# פרעג מיך ניט!

אויף דער ליימיגער פּריזבע, ביי איהר ווייסען אָפּגעקאַלכטען שטיבעל, זיצט רחל. און נעבען איהר, אָנגעלעגט אויף איהר שוים מיט׳ן בלאָנדען, גאָלדען קעפּעלע, זיצט איהר איינציג קינד שלמה׳לע. מיט איהרע הענד גלעט זי זיינע שעהנע זיידענע הערעלעך איהרע אויגען קוקען ערגעץ פער׳חלום׳ט צו די בערג וואָס רינגלען ארום איהר קליינעם שעהנעם שטעדטעלע. איהרע בל׳יקען זיינען אזעלכע דורשטיגע, ווי זיי וואָלטען זיך וועלען או׳יבעררייסען איבער יענע הויכע בערג, אום צו וויסען וואָס עס טהוט זיך פון יענער זייט. פון צייט צו צייט רייסט זיך ארויס ביי איהר א פערשטיקטער זיפץ, און האַסטיגער נעמט זי דריקען דאָס קליינע גאָלדען קעפּעלע פון איהר טייערען זיבען יאָהריגען שלמה׳לע. שלמה׳לע הויבט אויף זיינע קליינע בלאָהע אויגע־לעך און קוקט צו דער מוטער, און מיט אן אויסדרוק פון עפּעס אן אונבעגרייפליכען זאָרג פרעגט ער: „מאַמע, וואו איז פּאַפּע?“ אָבער רחל איז פערטראַכט, און זי הערט ניט איהר קינד״ס פראַגע. און שלמה׳לע מיט א פערוואונדערט מינעלע לייגט צו־ריק זיין קליין קעפּעלע אויף איהר שוים. רחל׳ס אויגען קוקען ערגעץ אין דער ווייטקייט. איהר קאָפּ איז פול מיט געדאַנקען. זי טראַכט פון דעם וואָס איז ערשט דאַכט זיך ניט לאַנג געווען. זי איז געווען א כלה פאר ברוך׳ן. ווי גליקליך זי איז דאַן געווען. אלע מיידלעך פון שטעדטעל האָבען איהר מקנא געווען אזא גליק! ברוך איז א פיינער, א געלערנטער יונגערמאַן, און א גרויסער פּארדינער. ווי גוט עס וועט איהר זיין ביי איהם... זי איז געווען גליקליך... און דאַן די חתונה. דאָס גאַנצע שטעד־טעל האט מיטגעטאַנצט און זיך מיטגעפרעהט מיט איהר גליק. נאָך דער חתונה האָט ער זי אין זיין אייגען הייזעל אריינגע־פיהרט. און א הויז מיט אלעם גוטען האָט זי דאָרט געפונען און ווי גוט ער איז געווען צו איהר, ווי געטריי און איבערגעבען! און דאַן ווען זי האָט איהר שלמה׳לען געבוירען—ווי גרויס איז זיין פרייד געווען. זי איז ביי איהם נאָך טייערער געוואָרען. מיין טייערינקע רחל׳ע, פלעגט ער זי רופען. און אזוי זיינען

יאָהרען נאָך יאָהרען געגאַנגען. זי האָט גאָר קיין מאָל ניט גע־וואוסט וואָס הייסט ליידען. זי טהוט א שווערען זיפץ, גלעט נערוועז דעם קינדס הערעלעך און טראַכט ווידער: ווער האָט זיך געקענט ריכטען אויף אזא אונגליק, מען זאָל פלוצלינג איהר ברוך'ן צונעמען אין זאַפּאַס און זי זאָל בלייבען אן עלענדע, אן אונגליקליכע.

ווער האָט זיך געקענט ריכטען?

זי ווישט אָפּ די רויטע פארטרערטע אויגען. יעדער פערביי־געהער קוקט אויף איהר מיט אזוי פיעל בעדויערונג, און דאָס מאַכט זי נאָך מעהר נערוועז. יעדער ווייסט איהר אונגליק. אָבער ניט זי נאָר איז די איינציגע אונגליקליכע דער אונגליק איז כמעט ביי יעדען. שלמה.לע הויבט ווידער אויף זיין קליין בלאָנד קעפּעלע, ציהט דער מוטערס האַנד און פרעגט מיט א שטילער טרויעריגער קינדערשער שטימעלע: מאַמע, וואו איז דער פּאַפּע? וואו איז פּאַפּע געגאַנגען? אויף איהר בלאַסען טרויעריגען געזיכט צוגיסט זיך א מוטערליכער שמייכעל, וועל־כער דריקט אוים נאָך שאַרפער איהרע נשמה ליידען און זי ענט־פערט האַלב מורמלענדיג: דער פּאַפּע איז אוועקגעפאָהרען אין דער מלחמה. אַלע פּאַפּעס זיינען אוועקגעפאַהרען.. זיינע קליי־נע קלאָרע אויגעלעך ווערען פערטראַכטע. עס דערקענט זיך אז אין זיין קליין מוח'ל ארבייט וואָס. און אין א מינוט ארום פרעגט ער ווידער אזוי שטיל און סוד'עדיג גלייך ווי עס פיהלט זיין קליין הערצעלע און עס בעגרייפט, אז דאָס וואָרט מלחמה מוז זיין א שרעקליכעס. „מאַמע, וואָס איז מלחמה?“ זי נעמט ארויף איהר שלמה'לען אויף איהר שויס, דריקט איהם פעסט צו איהר האַר צען און ענטפערט איהם. און אין יעדען וואָרט פיהלט זיך דער גרויסער וועהטאָג איהרער. „אויף א מלחמה, מיין קינד, שלאָגט זיך יעדער אלע מענשען שלאָגען זיך, אלע.“ זיינע אויגעלעך קוקען ערשטוינענד, זיין קליין שטערענדעל קאָרטשעט זיך און מיט א האַלב וויינענדיג שטימעלע ווענדעט ער זיך ווידער צו דער מוטער: מאַמע זאָגט דאָך אז נאָר שלעכטע אינגעלעך שלאָגען זיך. דער פּאַפּע איז אויך א שלעכטער? אלע פּאַפּעס זיינען שלעכטע? ער גראָבט זיך איין מיט זיינע אויגעלעך אין

דער מוטערס אויגען און ער וואַרט אויף איהר ענטפער. רחל ווערט בלאַסער און אויפגערעגטער. דעם קינדס פראַגען האָבען איהר צוטומעלט און זי געפינט ניט קיין וואָרט איהם צו ענט־פערען. ניין, ניין, שטאַמעלט זי — ניין, ניין, שלמה'לע, דער פּאַפּע איז ניט קיין שלעכטער. אַנדערע פּאַפּעס זיינען אויך ניט קיין שלעכטע. אָבער, שלמה'לע... טרערען שטיקען איהר אין האַלז. צו גרויס איז דער וועהטאַג, און ענטפערען דעם קינדס פראַגען איז אזוי שווער.. וואָס קען זי איהם ענטפערען, אז זי פערשטעהט אליין ניט פארוואָס זיי שלאָגען זיך. זיינען זיי דען אזעלכע שלעכטע? וואָס האָבען זיי איינער צום אַנדערען? טרערען גיסען זיך איהר פון די אויגען און וויינענדיג בעט זי זיך ביי איהר קליין שלמה'לען: פרעג מיך ניט, זוהנעניו, פרעג מיך ניט. און זי דריקט איהם צו נאָך פעסטער צו איהר ברוסט. און איהרע געדאַנקען פארטראַגען זיך ווייט, ווייט איבער יענע הויכע גרינע בערג, וואו מען האָט איהר טייערען מאַן צוגענומען.

# א שלאָפלאָזע נאַכט

עס איז שוין שפּעט נאָך האַלבע נאַכט. רייזעל קען ניט אנ־שלאָפען ווערען. זי קייקעלט זיך איבער אלע מאָל אויף אן אנ־דער זייט,, אָבער קיין שלאָף נעמט זי ניט. „אָ ווי די נאַכט איז לאַנג,“, מורמלען איהרע ליפּען. זי ציהט אויף דעם פאָרהאַנג פון דעם פענסטער און ליגענדיג קוקט זי ארויס אין דער טונ־קעלער נאַכט זי קוקט צום הימעל צו, זוכט עטוואָס אומרוהיג מיט די אויגען. אָבער איהרע שעהנע שוואַרצע ברעמען ווערען גיך אראָפּגעלאָזט און איהרע ליפּען מורמלען ווייטער: „ניש־טאָ קיין איין שטערען אפילו, עפּעס זאָל שיינען. פארוואָס זשע איז די נאַכט אזוי שוואַרץ און טרויעריג? פאַרוואָס גראַדע דיזע נאַכט?“ זי דרעהט זיך ווידער איבער אויף דער צווייטער זייט, פארמאַכט פעסט די אויגען און ליגט עטליכע מינוטען אונבע־וועגליך. אָבער באַלד אָטעמט זי שווער אָפּ. א שטילער אָבער טיפער קרעכץ רייסט זיך ארויס פון איהר ברוסט און זי בלייבט נאָך אמאָל ליגען מיט אָפענע אויגען. איהרע געדאַנקען לאָזען זי ניט רוהען: „און אז מאָרגען איז מיין חתונה איז וואָס?... ווארום בין איך אזוי אונרוהיג? פארוואָס האָב איך קיינמאָל ניט געפיהלט דאָס וואָס איך פיהל אצינד?“

זי טראַכט פון איהר מאַקסען. ווער ווייס דען ווי גרויס איהר ליעבע איז צו איהם? ווער פארשטעהט דען ווי געטריי און אי־בערגעבען זי איז איהם? און אָט מאָרגען געהט זי חתונה האָ־בען טאַקע מיט איהם, טאַקע מיט איהר געליעבטען און טייערען מאַקסען. אָבער פארוואָס זשע פלאגען איהר יעצט אזעלכע פינסטערע געדאַנקען? עפּעס א פארנעבעלטער געפיהל דריקט איהר האַרץ און זי ווייסט ניט וואָס פאר א געפיהל דאָס איז .. איז דאָס שרעק? פארוואָס זשע שרעקט זי זיך, פרעגען נאָך אמאָל איהרע געדאַנקען. מאַקס איז אזאַ שטילער און גוטהער־ציגער. ער איז ניט ווי די דורכשניטליכע מענער. ער וועט באהאַנדלען גוט זיין ווייב. ער וועט זיין אן איבערגעבענער מאַן צו זיין פרוי, א געטרייער פאָטער צו זיינע קינדער. ער וועט זיי תמיד ליעבען—יא תמיד. אָבער...

איהר שטערען קנייטשט זיך; איהרע אויגען ווערען אָנגע־פילט מיט טרערען מאַקס איז א קליינער פארדינער... אין איהרע געדאַנקען לויפט דורך די געשטאַלט פון איהרע א ליידי פרענד—שרה. זי איז פאר צוויי וואָכען ביי איהר אין הויז גע־ווען. עס איז דאָרטען געווען אזוי קאַלט און חשך׳דיג. איהרע דריי קליינע קינדער זיינען אין שמאַטעס געווען ארומגעוויקעלט. די אמאָליגע שרה איז ניט געווען צו דערקענען. די באַקען איינ־געפאַלען, די אויגען איינגעגראָבען, די נאָז אזוי משונה אויס־געצויגען. אויף איהר פנים איז דאָס וואָרט הונגער אויס־געקריצט געווען. דער דלות האָט דעם מאַן פאר א שיכור גע־מאַכט. די נויט האָט זייער היים אין א גהינום פערוואַנדעלט.

רייזעל טהוט א וויש מיט דער האַנד דעם שטערען ווי פער־טרייבענדיג די פינסטערע געדאַנקען אויף איהר געזיכט רוקט זיך אָן א האַרטער, שטרענגער אויסדרוק: „נעווער מאַינד, וועט דאס לעבען מיר ניט אזוי שמייכלען, האָב איך אויך הענד. וואָס האָב איך געטאָן ביז איצט?“ זי בעטדאַכט איהרע קליינע אויס־געדאַרטע הענד; זי קוקט זיך צו צו איהרע צושטאָכענע פינגער, און ווידער אמאָל פערוואָלקענט זיך איהר שטערען. זי ליגט ווי ניט פיהלענדיג קיין טראָפּען מאַכט אין זיך און זי ציהט שווער דעם אָטעם. עס קוקט אויס אז זי איז צו שוואַך געגען אזעלכע שווערע טרויעריגע געדאַנקען. ווי שאָטענס לויפען איהר פאר־ביי די אויגען. די זעקס יאָהרען אין שאַפּ, אָט זעהט זי די בלייכע אויסגעצערטע געזיכטער פון די מיטארבייטער. אָט הערט זי זייערע גראָבע וואולגאַרע רייד... עס שווינדלען איהר פארביי די אויגען די הויפּענס ארבייט און א געפיהל פון טיפען האַס און עקעל ציטערט אויף אין איהר האַרץ: „ניין און טויזענד מאָל ניין! איך וועל שוין מעהר ניט ארבייטען!“ זי ווישט איהרע הייסע טרערען און נערוועז ציהט זי די קאָלדערע איבער דעם קאָפּ, ווי וועלענדיג זיך פארבאָרגען פאר די שרעקליכע גע־דאַנקען. אפשר וועט פאָרט קומען דער שלאָף.

„איינס... צוויי.... דריי...“ זי צעהלט אין די געדאַנ־קען די שטונדען וואָס דער זייגער קלאַפּט אויס. דריי שוין! זי ליגט ווידער מיט אָפענע אויגען, כאַפּט אלע ווײלע א קוק אין

פענסטער. אין דרויסען איז פינסטער שוואַרץ. די שאָטענס פון דעם קליינעם נאַכט לעמפּעל ציטערען אויף די ווענט, און זי שרעקט זיך היינט אזוי מאָדנע פאר זיי. ווי ווייט זי געדענקט איז זי קיינמאָל קיין שרעקענדיגע ניט געווען. זי דערמאָנט זיך אז ווען זי איז א קליין קינד געווען דאַן האָט זי אויך מורא גע־האט פאר זיי. איהר מאַמע פלעגט לאַכען פון איהר... „מען טאָר נישט, נאַריש מיידעלע, מורא האָבען,“ פלעגט איהר די מאַמע זאָגען. אָ, מיין טייערע מאַמע.“

עס פליהען איהר אין זכרון נאָך בילדער... אָט איז זי א קליין מיידעלע. פון טאַטע מאַמע און פון יעדען געצערטעלט. אָט ווערט זי גרעסער. איהר טאַטע שטארבט. דערנאָך איהר לעצטע טרויסט, די מאַמע. זי קריצט מיט די צייהן פון ווערה־טאָג: „מאָרגען איז מיין חתונה; ווער וועט מיך צו דער חופּה פיהרען?“ . . . זי וויינט און זי פיהלט אז דער אָטעם ווערט איהר קורצער. עס פרעסט צום דערשטיקט ווערען. און שנעל עפענט זי אויף דאָס פענסטער און א שטראָם מיט קאַלטע לופט נעמט דורך איהרע ביינער. אוי, גליקליכע און אונגליקליכע מיידעלשע יאָהרען! . . . מאָרגען איז חתונה! . . . עס קומט איהר נאָך א מאָל ארויף אויף די געדאַנקען מ אַ ק ס. זי איז זיכער אז ער ליבט זי . . . זיכער . . . זי פארטראַכט זיך. דאָס וואָרט „זיכער“ ווערט עפּעס אַלע מאָל קלענער. וועט ער זי אַלע מאָל ליבען? זי געדענקט אז אלע מאָל פלעגט מאַקס ליב האָבען מיט איהר צו דעבאַטירען, רעדען וועגען פארשידענע זאַכען. פון דער צייט אָבער וואָס מען האָט בעשטימט דעם טאָג פון דער חתונה, איז ווי ער בלייבט מיט איהר אליין, רעדט ער נאָר פון די באַלדיגע זיסע שטונדען וואָס וועלען קומען... זיינע אויגען האָבען קיינמאָל ניט אזוי ליידענשאַפטליך געברענט ווי אין דער לעצטער צייט. עפּעס נאָר ער קושט זי און דריקט זי צו זיך. זי פארמאַכט די אויגען א ווײלע און טהוט א ציטער... אָבער איהרע געדאַנקען רייסען זיך איבער. א געהיים שמיי־כעלע צושפּרייט זיך אויף איהר שעהנעם געזיכט. די באַקען איהרע הויבען זיך אָן רויטלען און זי פארמאַכט שנעל די אויגען ווי שעמענדיג פאר זיך אליין . . . „יא, ער ליבט מיך. אָבער ער האָט דאָך שטענדיג דאַכט זיך מיך געליבט אלס א מענש,

אלס א פריינד, פלעגט פארבדיינגען מיט מיר ווי מיט א שוועס־טער. און די לעצטע צייט בין איך פאר איהם ניט מעהר ווי א פרוי.“

זי בעטראַכט די שעהנע טיילען פון איהר קערפער און א גע־היימער ציטער נעמט נאָך אמאָל דורך איהרע גלידער. „און ווען דאָס אַלעס וועט איהם ווערען צוגעגעסען? ווען עס וועט שוין פאר איהם ניט זיין ניי?“ זי מאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונג צו פארטרייבען פון זיך די פינסטערע געדאַנקען. אָבער אלע מאָל שווימט ארויס פאר איהרע אויגען אן אנדער בילד. אלע מאָל מוטשעט איהר אן אנדער געדאַנק . . . זי וואַרפט זיך אלע מאָל צום פענסטער, אפשר וועט זי שוין דערזעהן סימנים פון דעם אָנקומענדיגען טאָג. אָבער די נאַכט ציהט זיך אָהן און אויפהער, דער הימעל איז פארוואָלקענט אין שוואַרץ און עס גלויבט זיך גאָר ניט צו עס וועט אמאָל טאָג ווערען.

אלע הויזיגע שלאָפען, נאָר רייזעל קען ניט אנשלאָפען ווערען, ווייל מאָרגען קומט דער גרויסער איבערבייט אין איהר לעבען. מאָרגען מאַכט זי אזאַ שריט וואָס אין לעבען פאַסירט נאָר איין מאָל. מאָרגען געהט זי חתונה האָבען . . . פארשידענע גע־דאַנקען רויבען פון איהר דעם שלאָף. אין דער לאַנגער אומע־טיגער נאַכט ליגט זי וואַכענדיג און צייטענס שמייכעלט זי זיך אזוי געהיימניספול, און צייטענס ברעכט זי אויס אין א ביטערען געוויין . . .

# א גוטע בשורה

אַכט יאָהר זיינען שוין פאריבער זייט יעקב האט געהייראט מיט מערי׳ן. א פרעמדער מענש וואָלט אויפ׳ן ערשטען קוק גע־זאָגט אז זיי פיהרען א גליקליכעס פאמיליען לעבען. אָבער ווער עס האָט בעסער א ביסעל געקענט דאָס הויז פון דעם יונגען פּאָר פּאָלק, דער האָט געוואוסט אז ביי זיי אין הויז שפּילט זיך אָפּ א שטילע אָבער טיפע טראַגעדיע.

וואָס איז דאָרט געווען?

יעקב איז א פּאָרמאַן אין א גרויסער פעקטארי. זיין בעל הבית איז מיט איהם זעהר צופרידען און ער קריגט גאנץ שעהנע וויי־דזשעס צו מאכען א פיין לעבען. ער איז פון דער נאטור זעהר א גוטער מענש. און אלע וואָס האָבען איהם געקענט האָבען געגעבען אויף איהם א מיינונג אלס אן אינטעליגענטער איי־דעלער כאראַקטער. אויך זיין אויפפיהרונג האט געקענט דינען אלס מוסטער פון אנשטענדיגקייט. פון דער ארבייט איז ער גלייך אוועק אהיים און איז קיינמאָל ניט ארויסגעגאַנגען אָהן דער באגלייטונג פון זיין מערי׳ן.

אלס מאַן צו זיין פרוי איז ער געווען א גוטער געטרייער מאַן. פלעגט מערי עפּעס פיהלען ניט „מיט אַלעמען“, פלעגט ער שוין אומגעהן אן אומרוהיגער, און אויף זיין געזיכט איז גע־ווען צו דערקענען אז עס פערשאַפט איהם שמערצען און אז ער ליידעט מיט. און אין יעדען הינזיכט איז יעקב געווען א מאַן וואָס פיעלע פרויען האָבען זיך געוואונשען צו האָבען אזעלכע.

מערי ווידער איז אויך געווען א גוטע צאַרטע נשמה. האָבענ־דיג פערמעגליכע עלטערן, האָט זי געקדאָגען א גאַנץ פיינע ער־ציהונג און זי איז אויסגעוואַקסען א געזונד־שעהנע און געביל־דעטע מיידעל, ווי מען זאָגט, צו גאָט און צו לייט. עס איז לייכט צו פערשטעהן אז זי האָט געהאַט פיעלע פערעהרערס, אבער זי האָט זיי ניט געזוכט און זי האָט זאָגאר פיינט געהאַט די ספּאָרטישע באַנעהמונגען פון איהרע פיעלע באקאַנטע יונגע לייט. איהר אידעאַל איז געווען ניט אזעלכע וואָס זי האָט טאָג

טעגליך בעגעגענט. זי האָט געבענקט נאָך א פריינד וואָס זאָל זיין א שטילער ערנסטער מענש און האָבען א גוטען איידעלען כאַראַקטער און ווען זי האָט זיך מיט יעקב׳ן דאָס ערשטע מאָל בעגעגענט אויף א חתונה ביי איהרע א חבר׳טע און פערברענגענדיג דאָרט מיט איהם א פרעהליכען אָוועגד, האָט זי געפיהלט אז עפּעס האָט אין די טיפענישען פון איהר הארץ א ציטער געטאָן. זיין שעהנער בלאַסער געזיכט מיט זיינע גרויסע פערטראַכטע אויגען, זיינע איידעלע מאַנירען און זיין ערנסט און געבילדעט רעדען, דאָס האָט איהר ווי בעצויבערט און אין איהר הארצען איז פארזייט געוואָרען דאָס ע ר ש ט ע קערנדעל פון ליעבע.

זיי האָבען זיך נאכהער פיעל מאָל בעגעגענט און געהאַט די געלעגענהייט צו שטודירען איינער דעם צווייטען און אין א שעהנעם אָווענט האָבען זיי ביי זייערע עלטערן געבעטען צושטימונג צו זייער פערלאָבונג. אי יעקב׳ס עלטערן, אי מערי׳ס זיינען געוועזן זעהר צופרידען מיט דעם שידוך און האָבען מיט פרייד זייער צושטימונג געגעבען. און מען האָט בעשלאָסען אז אין א פּאָר מאָנאַטען ארום זאָל יעקב מיט מערי׳ן חתונה האָבען.

זיי האָבען מיט מזל חתונה געהאַט. ערשט דאַן האָבען זיי געזעהן אז זיי האָבען זיך ניט גענאַרט.ביידע זיינען געווען געטריי און איבערגעגעבען איינער דעם צווייטען. קיין זאך האָט איינער ניט געטאָן אָהן דעם צווייטענס צושטימונג און געלעבט האָבען זיי גליקליכע טעג און עס זיינען פערגאַנגען גליקליכע יאָהרען.

אָבער פּלוצלינג, נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין פינף יאָהר געווען פערהייראַט, האָבען טונקעלע שאָטענס זיך אָנגעהויבען פערציהען איבער׳ן ליכטיגען הימעל פון יעקבן און מערי׳ן. יעקב האָט אָנגעהויבען ווערען אַן אומעדיגער, פלעגט אומגעהן א פערטראַכטער, און מערי פלעגט שטענדיג האָבען א פּאָר רויטע פערוויינטע אויגען א דריקענדע שוויגעניש איז געוואָרען צווישען זיי. יעדער האָט נור געענטפערט אויפן צווייטענס פראַגען, יעדער פלעגט זיצען בעזונדער פערטראַכט אין געדאַנקען, גלייך

ווי זייערע אינטערעסען וואַלטען צושפּאָלטען געוואָרען אויף צווייען. ביי יערען פלעגט פון צייט צו צייט זיך ארויסרייסען א טיפער קרעכץ, און יעדער בעזונדער פלעגט איהם גיך וועלען דערשטיקען. די קרעכצען האָבען דארום געקלונגען נאָך טרויעריגער און הערצרייסענדער. עס איז געוועזן קענטיג אז יעדער טראָגט אין זיך א שווערען סוד.

ווען יעקב איז אוועקגעגאַנגען צו דער אַרבייט פלעגט מערי זיך שטעלען ביים פענסטער און מיט דער גרעסטער נייגעריגקייט ארויסקוקען אין דער ברייטער רוישענדער סטריט. אָט פלעגט זי געבען א ציטער. איהרע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרערען. זי האָט דערזעהן ווי א מוטער פיהרט א קינד איהרם אין סקול אריין. אָט דערזעהט זי ווי א מוטער פיהרט א קערידזש און פון קערידזש קוקט ארוים א קליין שעהן ביי-בעלע און זי קוקט אויף דער מוטער מיט אזא טיפער קנאה. זי גראָבט זיך איין מיט איהרע אויגען אין דער מוטערס געזיכט, גלייך ווי זי וואָלט וועלען לעזען איהר גליק. אָט זעהט מערי קינדערלאך אין ווייסינקע קליידעלאך אָנגעטאָן — בלאָנדינקע, שוואַרצינקע, די אויגעלאַך אזעלכע טייערינקע, אזעלכע פרעה-ליכע. זי געהט אוועק פון פענסטער, פאַלט אנידער אויפ'ן בעט און ברעכט אויס אין א היסטערישען כליפּען,—גאָט, ווי גוט איז צו זיין א מאַמע...

יעקב שטעהט ביי דער ארבייט. טויזענדער געדאַנקען לוי-פען איהם אין קאָפּ. קיין קינד, קיין רינד.. פאר ווען אר-בייט איך? וואָס איז דאָס גאַנצע לעבען? ער הערט ווי אן אָרימער אדבייטער דערצעהלט זיינע חברים ווי זיין בייבעלע געהט שוין אזוי וואויל, ווי עס שפּילט זיך אזוי קלוג. ער פיהלט עפּעס אזא נאָגעניש ביים האַרצען. א הויז פון אלדעם גוטען— צו וואָס, פאר ווען, ווער האָט הנאה דערפון? ער טראַכט פון מערי'ן. אזא גוטע טייערע נשמה. אָבער ער דרעהט זיך אָפּ אָן א זייט, ווישט אָפּ די פארטרערטע אויגען און וויל פאר-שטיקען זיינע שמערצען, אז קיין פרעמדער זאָל ניט זעהן. און דאָס נאָגעניש ווערט נאָך גרעסער און דיליידען נאָך טיפער

אזוי האָבען זיי ביידע, אי יעקב אי מערי איבערגעלעבט פיעלע

שרעקליכע טעג. דער שעהנער ליכטיגער גן עדן זייערער איז געוואָרען א פינסטערער גיהנם. אזוי זייענען פאריבער נאָך דריי יאָהר.

די פלאָגעניש ווערט אַלץ גרעסער. יעדער געהט אום א פער־טרויערטער, יעדער פיהלט אז לענגער אָנגעהן אזוי קען דאָס ניט. עס מוז קומען די שרעקליכע ענדע.

איין מאָל, עס איז א הערבסט טאָג. דער הימעל גיסט ווי מיט צעבערס. מערי פיהלט ניט גוט די לעצטע עטליכע טעג. דארום ווען עס קלאַפּט נור אוים דער זייגער צוועלף, ניט קוקענ־דיג אויף דעם שלאַקס רעגען, לויפט יעקב אהיים עסען דינער אָריינקומענדיג אין הויז האָט ער איהר מיט זיין געוועהנליכער ווייכער שטימע געפרעגט ווי זי פיהלט. זי האָט געענטפערט, עטוואס בעסער. דערביי האָט ער דערזעהן א זאָנדערבאַרען שמייכעל אויף איהר געזיכט. ער האָט זיך געזעצט עסען. עפּעס האָט זיין האַרץ געקלאַפּט האַסטיגער ווי תמיד. מערי זאָל שמייכלען. שוין פיעלע מאָנאַטען אז ער האָט ביי איהר קיין שמייכעל ניט געזעהן. דער איצטיגער שמייכעל האָט איהם זעהר בעאומרוהיגט. ער עסט און טראַכט, וואָס זאָל דאָס זיין ? פּלוצ־לונג ער פיהלט מערי נעמט איהם ארום, דריקט איהם צו איהר האַרצען און זי ברעכט אוים אין א געוויין, מורמלענדיג קוים פערשטענדליכע ווערטער . .

יעקב׳ס געזיכט האָט זיך פּלוצלונג פערענדערט. ער איז גע־וואָרען טויט בלאַס און אין א מינוט ארום רויטליך און לעבע־דיג.

—מערי׳לע, מיין טייערע ליבע מערי׳לע, ענדליך, אונזער גליק קומט אָן, ענדליך. ער האָט זי איינגעקלאַמערט פעסט אין זיינע אָרעמס און ביידע האָבען געוויינט און געלאַכט פון פרייד, און ביידע זיינען געווען גליקליך פון דער גוטער בשורה.

That made me seem more self-contained.
That was only appearance, Dad.
But now I can see how it pained
You, and caused you to lose the faith you had.

Well, dad, perhaps I've an excuse
To offer for my mistakes.
God selects only a few to infuse
With his seed of purity that makes
A man such as you have been,
That gives a man so strong a mind
That makes him shy from paths of sin
And makes him forge forward from behind.

And, if I missed what you intended,
Please forgive me, your son,
Please do not be offended,
At least your work was done.
You tried to make me somebody,
'Twas true, daddy, a losing fight,
But I'll try, I'll try to be somebody
To show the world you were right.

You were a good man to all
You had more friends than you had dollars,
You went,—replying to God's call
But your kindness and friendship follows.
You on through your last voyage from home
The one to which you never return.
Dad, wherever you happen to roam
Anyone there from you can learn,
—The meaning of Friendship that's real. . .

## WHEN YOU LIVED . . .

By Sidney Pavis.

(Dedicated to My Father)

I pause, as I begin to write
Thoughts stumble through my mind
Of the man who went away one night,
Leaving an impression behind.
In this world that shall ever be
Remembered, and shall cause a sigh
Foremost in our hearts and memories
Of the father, that man who passed away.

I can see you now, daddy, as the white moon beams
Smiling, content with your fate,
You planned for me in your heart, you dreamed dreams
But I realized, daddy, too late.
You desired me to be among the world's great
You planned for me undying fame.
You wanted me to be rich and to rate
All wonders, to honor our name.

Did I hurt you, daddy, when I missed
That goal you set for me?
Yes I did, you always showed that this
Was not how I ought to be.
Of course, dear dad, I can visualize,
Your disappointment toward the end,
Yet, dad, I know you'll realize
The thought of the message I'm going to send.

I was never like you, daddy, friend.
Two different types, I'll say,
You were a pal to all, to the very end,
While I was different in my way.

True I need you Dad, my eyes are wet,
But I knew someday we'd part
Now I know—I can't forget
Your spirit is forever sealed in my heart.
So sleep in peace; you're tired and worn
Your time has come to rest
The home you built shall never be torn
Your great friend (GOD) protects it best.

You planned, you worked,—Mama knows
For us you prayed each day and night. . .
While Babe and Jess and Lilly shows
The world, that you and your teachings were right.
I am not such a poet that could
Tell the world what you used to be,
But I am the kind of a son that would
Bless you Dad for what you've done for me.

Now I'll close and in closing say
Goodbye teacher and friend.
When we do meet again another day
We'll be together in a forever without an end.
Then we'll be content as can be,
The new world will seem allright,
And when the end shall come for me
I'll welcome cheerfully that eternal light.

Yes his life was filled with struggle and strife;
To live to love and to give.
But if he had spent more time in living rather than giving
He'd still be here, enjoying his life.
Yet that was his supreme ideal
In his outlook through his days,
That made his existence real
And earned for himself devout praise.

They miss you Dad since you've been gone,
You earned respect for the "Pavis" name,
They knew for them your work was done,
For them you sought praises and fame.
You worked so hard for their success
You never thought of wealth,
To you they came first, yourself meant less
Even when failing in health. . .

Your ever-helping hand was bent
Toward more folks than just me,
I wish that you hadn't went
So soon to the blind eternity,
You passed away, so I'll just say,
Goodbye, goodnight, Daddy dear,
I hope we'll meet again someday
Again your gentle voice to hear . .

## TO A BETTER MAN

By Sidney Pavis.

(Dedicated to Our Father)

Not long ago a man there went
To the place among the best
The Maker's call to him was sent
To join his friends and the rest.

Tragedically he went away
Leaving us sad—alone,
We konw that we all must have our day,
Yet when he went a seed was sown
In our hearts, that shall ever be
Suffused with anger and yet pride,
That makes us want to cheer and cry,
Yet keeps us warm and hurts inside,
Knowing why and how our poor Pa died. . .

His work in this world was never done,
He never wished it to be,
No labor too hard, no work did he shun,
He was far a better man than me. . .
Our Pa was a poet a writer you know,
He was a Philosopher unto the end.
Before he went he said that it was so
"Money is worth far less than a friend" . . .

# *FATHER*



AB. PAVIS

"TO A BETTER MAN"

"WHEN YOU LIVED"

BY

SIDNEY PAVIS

*SON*

